# דער א[illegible]אי

## אדער

# דער שרעקליכער חלום.

איינע מאראלישע ערצעהלונג.

— פון —


## א. דאמעראצקי.


פרייז 5 סענט.


היברו פאבלישינג קאמפאני,
83־85־87 קאנאל סטריט, נויארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.

1909

# אלענדארפ׳ס מעטהאדע,

## פון אלכסנדר הארקאווי,

**איז א ניצליכער בוך גרינדליך אויסצולערנען דיא ענגלישע שפראכע**

## א בוך פון 600 זייטען.

**זיין ריכטיגער פרייז אין אללע שפראכען איז 3 דאלאר,**

**אין אידיש נור 125 דאלאר.**

---

אלענדארפ׳ס מעטהאדע איז אנערקענט אין דער גאנצער וועלט פיר דיא בעסטע, ווייל דיא פראקטיק האט בעוויזען, דאס זיא איז זעהר לייכט און גוט פיר יעדען וואס וויל זיך אויסלערנען דיא ענגלישע שפראך אהן א לעהרער.

## אלענדארפ׳ס מעטהאדע

איז אויף אזא ארט, דאס דיא שפראך איז איינגעטהיילט אין לעקציאנען, אין יעדער לעקציא קומען פאר ווערטער, געשפרעך און גראמאטישע רעגעלן.

פאר דיא לעקציאנען קומט א בעזונדערע אבטהיילונג צו לערנען זיך לעזען און שרייבען, אום דיא ווערטער און גראמאטישע רעגעלן זאללען מעהר פערשטארקט ווערען אין דיא געדאנקען, ווערען אם ענדע פון יעדער לעקציאן געגעבען שטיקער לעזע־שטאף צום איבערזעטצען. דיא זעטצע פון דיא שטיקער לעזע־שטאף, זיינען צוזאמענגעשטעלט פון דיא ווערטער, וואס זיינען פריהער פארגעקומען. דער לערנינג וועט זייא קענען איבערזעטצען. יעדע שטיק לעזע־שטאף טראגט א נומער.

צום לעהר־בוך קומט א בעזונדער בוך, א שליסעל, וואס ענטהאלטעט דיא ריכטיגע איבערזעצונג פון יעדען זאץ. דיא איבערזעצונגען זיינען בעצייכענט מיט דיא זעלבע נומערן וויא דיא שטיקער לעזע־שטאף בייא דיא לעקציאנען. דער שילער קען אלזא מיטען שליסעל אבשטימען אויב זיין איבערזעצונג איז ריכטיג אדער ניט.

## אלענדארפ׳ס מעטהאדע איז איינגעטהיילט אין

# 78 לעקציאנען.

דיא אבטהיילונג צו לערנען זיך לעזען, איז זעהר פראקטיש. דיא רעגעלן ווערען ערקלערט איינפאך און דייטליך. אין דיא לעקציאנען ווערען געגעבען דיא אויס־שפראכע פון יעדען ענגליש ווארט מיט אידישע בוכשטאבען.

דאס בוך ענטהאלטעט איבער 600 זייטען אין גרויסען פארמאט און עלעגאנט געבונדען.

## פרייז 125 דאלאר.

צו בעקומען בייא אלע בוכהענדלער, וויא אויך בייא

## HEBREW PUBLISHING CO.,

**83-85-87 Canal Street,** **NEW YORK.**

# דער אשמדאי

— אָדער —

# דער שרעקליכער חלום

איינע מאראַלישע ערצעהלונג

פון



א. דאמעראצקי

**פרייז 5 סענט.**

דרוק אונד פערלאג פון

דיא היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני,

83־85־87 קאנאל סטריט, ניו יארק.

THE HEBREW PUBLISHING CO.,

83-85-87 Canal Street, New York.

# דער אשמדאי.

## איינע מאָראַלישע ערצעהלונג

— פון —

## א. דאמעראצקי.

**אל תרבה שיחה עם האשה: באשתו אמרו קל וחומר באשת חברו: מכאן אמרו חכמים כל המרבה שיחה עם האשה גורם רעה לעצמו וסופו יורש גיהנום:**
**(פרקי אבות פרק א').**

### 1.

**איך בין געזעסען** צוליעב א ברודערס געשעפטען, פיער און דרייסיג מייל ווייט **פון דיא היים,** אין דער גרויסער שטאָדט „פראג". עס איז געוועזען אין דעם חודש **אפריל, און חאָטש** עס האט מיר דאָרט קיין פערגניגען ניט געפעהלט, פון דעסט־**וועגען** האב איך בייא דעם אלעם דאָך ניט געקענט איינשטילען מיין בענקען נאָך אונזער שטעדט'ל, וואו מיין יונגע ווייב האט שוין גאַנצע זיעבען וואָכען אויף מיין צוריקקומען וויא אויף משיח'ן געהאָפט.—

זייט פון אונזער חופה טאָג אָן, זיינען מיר נאָך קיין איינציגען מאל ניט אזא לאַנגע צייט אָבגעזונדערט געוועזען. אמת, „פ ר א נ י א" האט מיר אפילו אלע וואָך בריוועלאך צוגעשיקט, אָבער דיא אָנגעפילטע שורות מיט ליעבע, האבען מיין בענקען שטענדיג נאָך שטארקער געמאכט. מיין העכסטער וואונש איז געוועזען צו קענען וויא אם גיכסטען פערלאָזען דיא שטאָדט „פראג" מיט איהרע אלע שעהנהייטען, און זיין אין דער היים אונטער מיין הויז־פאמיליע.

וועֶר עס האט ניט א פרומע גוטהערציגע פרוי מיט צווייא בילד־שעהנע קינדער; וועֶר עס ליעבט ניט און שעטצט ניט אזא מין ווייב פינף יאָהר נאָך דער חתונה אזוי וויא דיא ע ר ש ט ע שעה, דעם דערצעהל איך אומזיסט פון מיין בענקען.

קורץ און גוט, איך האב געדאנקט און געלויבט גאָט מיט דער גרעסטער שמחה, אלס דיא געשעפטען זיינען סוף כל סוף אָבגעפארטיגט געוועזען, און האב שוין ניט מעהר געטוהינג געהאט דאָרט צו זיטצען. איך האב באלד פון מיינע עטליכע בעקאנטע און גוטע פריינד אבשיעד גענומען, און דעם בעל־הבית פון דעם גאסט־הויז געזאָגט, ער זאָל מיר דיא רעכנונג געבען. דעם אנדערן טאָג האב איך געוואָלט מיט דער פאָסט אוועקפאָהרען.

צו מאָרגענס אין דער פריה פאר מיין אָברייזען, איז צו מיר דער בעל־הבית אריינגעקומען, האט מיר אָבגעגעבען א ברייטען „גוט־מאָרגען" מיט א שעהן אויס־געשריבענעם לאנגען „חשבון". דיא אונטערשטע שורה פון דעמזועלבינגען האט מיר געגעבען גוט צו וויסען, דאס מיין געלד וועלכעס איך האב געהאט אין באאר וועט ניט קלעקען צו בעצאָהלען איהם דעם חוב און צו האבען פאר זיך נאָך אויף הוצאות אונטערוועגענס, אלזאָ בין איך אין דער מיינונג געוועזען צו בייטען א באנק־בילעט. איך האב אריינגעשטעקט דיא האנד אין בוזימטאש ארויסצונעהמען דעם טייסטער, גאכהער געזוכט אין אלע איבריגע קעשענעס, אין אלע ווינקלען. מיט איין וואָרט: ער איז פערפאלען געוועזען. עס איז מיר שטארק ניט גוט געוואָרען; דען איך האב אין איהם געהאט ליענען מעהר וויא פאר צווייא טויזענד טהאָלער פאפירען, און דאס איז דאָך קיין קלייניגקייט ניט אין דער וועלט.

אללעסדינג וואס אין שטוב האט זיך געפונען איז אומגעקעהרט געוואָרען קאפויר, עס האט מיר אויך גאר ניט געהאָלפען — דער טייסטער איז פערשוואונדען געבליעבען אזוי וויא ער וואָלט אין ים אריינגעפאלען.

דיער ווירטה איז מיט גרויס עגמת נפש אוועקגעגאנגען אין דער פאָליצייא צו לאָזען מודיע זיין מיין שאדען, און איך בין אליין אין דעם צימער געבליעבען רע־דענדיג צו זיך:

„איך האב דאָך איהם ערשט געכטען אליין אין דיא הענד געהאלטען, איך פלעג דאָך איהם אין בוזימטאש פון מיין אונטער־ראָק טראָגען. פ ר א ג י א ס אלע בריעף זיינען אויך אין איהם געלעגען. מיר דאכט זיך, אז געכטען אבענד ביים אויסטהון זיך צום שלאָפען געהן האב איך איהם געפיהלט, וויא אזוי וועל איך איצט מיינע טהייערע פאפיערען צוריק בעקומען, דען וועֶר עס האט זייא גע'גנב'עט

אָדער געפונען קען זייא דאָך צו יעדער צייט אין גאָלד אָדער אין זילבער גאַנץ גרינג אויסבייטען.״

דאָ האב איך אָנגעהויבען צו שעלטען מיין מזל און דעם טאָג אין וועלכען איך בין געבאָרען געוואָרען. אינדעם וויא איך האב אזוי אין זיך געטראכט וועגען מיין שאדען, איז מיר אויף דיא געדאנקען געקומען א פערזאָן וואס איך האב פאר עטליכע טעג אין דעם ווייןהאנדעל געזעהן, אין וועלכען א בעקאנטער האט מיך צו שפיעלען אין ביליארד געפיהרט.

בייא א קליינעם טיש׳ל האבען דאן צווייא העררען געשפיעלט זייער פארטיע שאך; איינינע יונגע לייט זיינען געזעסען ביים פענסטער אין א שטארקען וכוח איבער נאטור פון דער מענשליכער זעעלע, איבער חלומות און איבער גלויבען אין שדים און מזיקים. א קליינער עלטליכער מאן אין א רויטען אויבער־ראָק, האט זיך, מיט דיא הענד אויף הינטען, אין צימער ארויף און אראָב שפאצירט. איך האב גע־נומען א גלאָז דאנציגער וואסער און דיא צייטונגען.

קיינער האט ניט אזוי מיינע אויגענבליקען אויף זיך געצויגען, וויא דער רויטער שפאציר־געהער. איהם האב איך אָהן א אויפהערונג אָנגעקוקט. דער גאנצער מענש איז עפים א זעלטענע בריה געוועזען; וויא זיין קליידונג האט קיין געשמאק ניט געהאט, אזוי האט אויך קיין פאָרמע ניט געהאט, זיין געשטאלט. זיינע תנועות זיינען געוועזען אומגעלומפערט, זיין געזיכט שרעקליך און נבזה׳דיג. ער איז עטוואס מעהר אלס קליינגעוויקסיג געוועזען, אָבער שטארק ביינעריג מיט ברייטע פלייצעס. ער האט אויסגעזעהן פון א יאהר עטליכע און פופציג, און איז געגאנגען מיט׳ן קאָפּ איינגעבויגען וויא א גייצינ־יעהריגער. דער שווארץ־געלבער פנים מיט דעם פער־קרימטען נאָז און מיט דיא ארויסגעשטארצטע באקען־ביינער האבען א פינסטערע אימה און א חלשות׳קייט אין א מענשען ערוועקט. פון זיינע גרויסע בלישצענדיגע אויגען האט מען ניט קיין פריינדשאפט און ניט קיין פיינדשאפט ארויסגעלעזען. „דער״ האב איך מיר געטראכט, „מוז א געבאָרענער תלין זיין, אָדער א הויפטמאן בייא א חברה גזלנים; אום אָבצוטהון א שפאס, איז בייא דעם מאן רעכט, שטעדט אויף קאָהלען צו פערברענען, און קינדער אויף שפיזען זיך צאפלען זעהן״. איך וואָלט מיט איהם אליין אין איין צימער ניט געוואָלט נעכטיגען. ער האט געוויס נאך אין זיין לעבענס־טאָג קיין פרעהליכען פנים ניט געוויזען, און קיין מאל נאך ניט געלאכט.

איך האב מיך אָבער טועה געוועזען. ער האט געקענט לאַכען, ער האט דיא רייד פון דעם יונגען מאן, וואס איז געזעסען ביים פענסטער, צוגעהאָרכט

און געלאַכט. נור גאָט! עס האָט מיך געגרוילט. זיין לאַכען איז שרעקליך געווען.

„ווען דו'ווי' אין דעם רויטען ראָק איז ניט דער אשמדאי זעלבסט", האָב איך מיר געטראַכט, „זאָ מוז ער זיין ברודער זיין". איך ווייס אַליין ניט פאַר וואָס, נור זייט איך האָב מיין טייסטער פערלאָרען, איז מיר אַלץ דער מאַן מיט זיין רויטען ראָק ניט אַרויס פון קאָפּ. עס האָט מיך אַ קאַלטער שוויים בעדעקט ווי אַ טיאוס, שלעכט און שרעקליך ער זעהט אויס.

פּלוצים האָט אַ קלאַפּ אין טהיר פון מיין צימער איבערגעשלאָגען מיינע איצטיגע געדאַנקען און זעהט 'אַ וואונדערליכע זאַך! — ווי איך האָב דיא טהיר אויפגעשלאָסען איז טאַקי אריינגעקומען דערזעלביגער פון וועלכען איך האָב נור וואָס געטראַכט. —

-- נעהמט מיר ניט פאַר אונגוט, ווען איך שטער אייך! — האָט ער צו מיר געזאָגט — איך האָב דאָ עטוואָס מיט דעם העררן יאַקאָב צו רעדען.

-- דער בין איך זעלבסט! — האָב איך געענטפערט.

-- מיט וואָס קענט איהר דאָס בעווייזען?

„אַ שעהנע פראַגע חלעבען", האָב איך מיר געטראַכט, „ער מוז געוויס אַ שפּיאָן פון דער פּאָליציע זיין". אויף מיין טיש איז געלעגען איין האַלב צוריסענער בריעף פון מיין ווייב, האָב איך איהם געוויזען דיא אדרעסע אויף דעם קאָנווערט, ער זאָל זעהן, דאָס ער איז אויף מיין נאָמען געקומען.

-- גאַנץ גוט, האָט ער געזאָגט, נור איהר הייסט מיט אַזאַ נאָמען, וואָס איז ניט איין איינציגער אין דער וועלט. בעווייזט מיר, זייט מוחל, מיט אַנדערע סימנים, דאָס איהר זייט דער מאַן וועלכען איך זוך. איך וויל מיט אייך וויכטיגע געשעפטען מאַכען. מען האָט מיך צו אייך אָנגעוויעזען.

-- מיין הערר, האָב איך געזאָגט, נעהמט מיר ניט פאַר אונגוט, היינט איז ניט מיין צייט צו געשעפטען, איך דאַרף באַלד אַהיים פאָהרען און האָב נאָך טויזענד זאַכען צו בעזאָרגען. אויסער דעם מוז איך אייך זאָגען, דאָס איהר האָט אַ גאַנצען טעות אין מיר, איך בין קיין פּאָליטיקער און קיין קויפ־מאַנן.

דער רויט־געקליידעטער איז אַ קליינע ווייל'ע שטיל געבליעבען. ווי עס האָט אויסגעזעהן האָט ער שוין געוואָלט אַוועקגעהן. אָבער נאָכהער האָט ער מיך מיט גרויסע אויגען אָבגעמאָסטען און צו מיר געזאָגט:

-- אַזוי? איהר האָט דאָך געפּיה־ט געשעפטען אין פראַג, איז אייער ברודער ניט געשטאַנען באַנקראָט צו מאַכען?

מיין פנים האט געמאכט רויט ווערען פאר גרויס חרפה, דען איך האב גע־גלויבט, דאס חוץ איך און מיין ברודער וויס פון דעם קיין נפש אין דער וועלט ניט. דערצו האט ער נאך ווידער געלאכט, דער אשמדאי, מיט זיין שעהנעם גע־לעכטער׳ל, אזוי וויא ער וואלט זיך געפרייט מיט מיין ברודער׳ס שאדען.

— מיין הערר, איהר זייט זיך טועה נאך אמאל! האב איך געזאגט. איך האב אפילו איין ברודער, און מעהר אלס איינעם אויך, אבער קיינער פון זייא שטעהט ניט צום באנקראטירען.

— אזוי זאגט איהר? האט דער אשמדאי געמורמעלט, און מיך שארף מיט זיינע גרויסע בלישצענדע אויגען אנגעקוקט.

— מיין הערר — האב איך מיך דאן צו איהם מיט עטוואס כעס אבגע־רופען, דען עס איז מיר גאר ניט ליעב געווען, דאס אין פראג זאל האבען געלעבט א מענש וואס האט בעקומען א ידיעה פון מיין ברודער׳ס אומשטענדען, — מען האט אייך געוויס פאלש, ניט אויף דעם מאן וואס איהר זוכט, אנגעוויעזען; איך בעט אייך, זייט מוחל, מאכט דיא זאך אביסעל קירצער און האלט מיך ניט אזוי לאנג אויף. איך האב קיין איבריגע מינוט צייט.

— זייט נור געדולדיג א פאר מינוט, האט ער געענטפערט, איך האב מיט אייך א נעטהיגען ענין צו רעדען. נור זאגט מיר, וואס זייט איהר אזוי אונרוהיג? וואס פעהלט אייך? אפשר דארפט איהר געלד? איהר זייט דא פרעמד. איך אליין בין אפילו אויך ניט קיין היגער, איך געהער אויך ניט צו פראג, דאך וויים איך צו אלע זאכען א עצה. איהר מעגט מיר פערטרויען; אייער פנים זאגט עדות, דאס איהר זייט איין עהרליכער מאן, און מען קען אייך אהן שום מורא געלד בארגען. שעהמט אייך ניט, זאגט דעם אמת, איהר ברויכט געלד?

דא האט ער מיט א פערקרימטע צורה געלאכט, אלס וויא ער וואלט וועלען מיין נשמה פון מיר אבקויפען, אדער זיא פאר א משכון נעהמען; זיין טהון האט וואס א מאל מעהר אויף זיך מיין חשד געצויגען; איך שעהם מיך ניט צו זאגע־ דעם אמת, עס האט מיך איין אבערגלויבישער פחד אנגענומען. אויף קיין פאל האב איך מיך ניט געוואלט מיט דעם וואונדערליכען מענשען איינלאזען, און געזאגט:

— עס פעהלט מיר גאר ניט, איך האב געלד און אלעס וואס איך ברויך, נור ווען איהר זייט, מיין הערר, אזוי פריינדליך געוועזען צו וועלען מיר טהון א טובה, תאמש איך בין אייך אונבעקאנט. בעט איך אייך, זאגט מיר, וויא איז אייער נאמען?

— מיין נאָמען קען אייך ווייניג נוטצען, האט ער געענטפערט, ער איז גאר ניט נוגע צו דער זאך, איך בין איין מ א נ־ט י י ו ו ע ל. נו, פערשאפט מיר דער נאָמען בייא אייך מעהר צוטרויען?

— איין מאנ־טייוועל? האב איך קוים ארויסגערעדט, און ניט געוואוסט אין שרעקליכער צומישונג, וואס איך זאָל זאָגען, און צו איז דיא גאנצע זאך טאקי אמת, אָדער נור א שפאס.

אינדעם איז אָנגעקלאפט געוואָרען אין דיא טהיר, דער ווירטה איז אריינגע־קומען און האט מיר א בריעף דערלאנגט.

— לעזט נור דעם בריעף ערשטענס, האט דער רויט־געקליידעטער אָנגע־פאנגען, און נאכהער קענען מיר ווייטער שמועס׳ן. דער בריעף איז אהן א צווייפעל פון אייער הערצענס־געליבטע פראניא.

איך בין געוואָרען צומישט נאך מעהר וויא פריהער.

— ווייסט איהר שוין איצט, האט דער פרעמדער ווייטער געזאָגט און גע־לאָכט, ווייסט איהר שוין צום סוף ווער איך בין און וואס איך וויל פון אייך?

עס איז מיר געלעגען אויף דער צונג צו זאָגען: „מיין הערר, איהר זייט, גלויב איך, דער אשמדאי, און ווילט מיין אָרימע נשמה צו א פרישטיק נעהמען?“ דאך האב איך מיך צוריקגעהאלטען און געשוויגען.

— נאך מעהר, האט ער ווייטער געזאָגט, איהר ווילט נאך ע נ ג ע ר פאָהרען, גוט, איך פאָהר אויך דורך דעם שטעדט׳ל, מאָרגען פריה פאָהר איך פון דאנען אָב. ווילט איהר אפשר אין מיין וואָגען א גוטען פלאטץ האבען?“

איך האב געדאנקט און געזאָגט: „עס איז שוין איינגעצאָהלט געוואָרען אויף דער פאָסט“.

דאָ איז ער אונרוהיגער געוואָרען און האט געזאָגט: „עס איז אייך גאר ניט בייצוקומען. אָבער אייער פ ר א נ י א, דעם קליינעם מ אָ ר י ט ץ׳ ן און א ד א ל ף׳ ן מוז איך דאך פארביי־פאָהרענדיג זעהן און קענען לערנען. נו, טרעפט איהר נאך אלץ ניט ווער איך בין און וואס איך וויל? איך וואָלט וועלען גערן אייך עטוואס א טובה טהון, מיין הערר.

— גוט, האב איך ענדליך געזאָגט, ווען איהר זייט א כשוף־מאכער, פיר איז מיין טייסטער פערפאלען געוואָרען. שאפט מיר א עצה, וויא איך זאָל איהם קענען צוריק בעקומען?

— באַה, אויך מיר א שאַדען, א שטיקעל טייסטער! און אויסער דעם קען איך אייך מיט עפּעס אנדערש נאר ניט...... "

— אין דעם טייסטער זיינען אָבער געלעגען וויכטיגע פּאַפּירען פון אונגעפעהר צוויא טויזענד טהאַלער ווערטה, — זאָגט מיר א מיטעל וואס איך זאָל טהון, ווען ער איז פערלאָרען געגאַנגען? און וואס, ווען ער איז גע׳גנב׳עט געוואָרען?

— וויא האט דער טייסטער אויסגעזעהן?

— פון זיידענעם שטאָף דער איבערצוג, העל־גרין, מיט שטיקערייא, מיין מאָנאָגראַם פון בלומען אינוועניג. עס איז געווען מיין ווייב׳ס אייגענע האַנד־אַרבייט צום אנדענקען.

— אַזוי? איז דער איבערצוג מעהר ווערטה אלס דיא צווייא טויזענד טהאַלער. דערבייא האט ער מיר ווידער צוגעשמייכעלט; נאכדעם האט ער ווייטער געזאָגט: — וואס וועט איהר מיר געבען, ווען איך וועל אייך אייער שאדען אומקעהרען?

בייא דיא ווערטער האט ער מיך שאַרף אָנגעקוקט, עפּיס אזוי וויא ער וואלט וועלען מיר ארויפליינען אויף דער צונג דיא אנטוואָרט: „איך שענק אייך מיין נשמה!“ נור וויא איך האב א פּאָר מינוט שטיל געשוויגען און אויף זיין פראגע נאר ניט געענטפערט, האט ער ארויסגענומען פון זיין קעשענע דעם טייסטער, און געזאָגט:

— דאָ האט איהר אייער טהייערן תכשיט און דיא צווייא טויזענד טהאַלער מיט אַלעם איבריגען!

איך בין אויסער מיר געוועזען.

— וויא אַזוי קומט איהר דערצו? האב איך איהם מיט פערוואונדערונג געפרעגט און גלייך אויפגעמאכט דעם טייסטער, און געפונען אַלעסדינג. עס האט ניט געפעהלט דאס מינדעסטע.

— נעכטען זייגער פיער נאך מיטאג האב איך איהם אויף דער מ אָ ל ד אוו ע ר ב ר י ק געפונען, האט ער זיך ווייטער אָנגערופען.

— ריכטיג, אין דער צייט בין איך טאקי איבער דיא בריק געגאַנגען, איך האב דעם טייסטער אין דער האנד געהאלטען און נאכהער אין בוזים־טאש אריינגעשטעקט.

— מן הכתם האט איהר ניט אין דער טאש, נור געבענבייא געשטעקט! האט דער רויט־געקליידעטער געזאָגט. איך האב אָבער ניט געוואוסט צו מיין

געפונענע זאך איז פון א פוס־געהער, אָדער פון א רייטער, צו הינטער מיר, אָדער פאר מיר פערלאָרען געוועזען, דארום בין איך א גאנצע שעה אויף דיא בריק גע־בליעבען, אָבצו־ווארטען איינעם וואס וועט זוכען. זועהענדיג אָבער דאס קיינער קומט ניט, בין איך אין מיין האָטעל געגאנגען. דאָרט האב איך איבערגעלעזען דיא בריעף, און דיא חשבונות וועלכע אין איהם ליעגען, אום זיך צו ערקונדיגען, ווער דער פערליערער איז. איין אדרעס וואס איך האב אין אייער טייסטער געפונען האט מיר אָנגעצייגט אייער נאָמען און דאס גאסט־הויז וואו איהר האלט זיך אויף, דעריבער בין איך איצט צו אייך אהער געקומען. שוין געכטען אבענד בין איך דאָ געוועזען אייך אויפצוזוכען, און האב אייך ניט געפונען.

ליעבער גאָט! איז דאס דער מענש וועלכען איך האב פיר א ניט־גוטען געהאלטען! איך בין דעם מאנטייוועל אויפ'ן האלז געפאלען און איהם פריינדליך געדאנקט. מיין שמחה איז גאר אָהן א מאָס געוועזען, אזוי וויא פריהער מיין פער־דרוס. ער האט אָבער גאר ניט געוואָלט פון אלעס הערען. איך האב מיר א נדר געטהון, מיין לעבענס־טאָג ניט מעהר צו אורטהיילען א מענשען נאך זיין געזיכט, און ניט צו גלויבען וויעדער אין דיא נארישע פיהזיאָגנאָמיק.

— גריסט אייער ליעבע פראניא פון מיר, רייזט אייך גליקליך, מיר וועלען זיך נאך א מאָל זעהן וויעדער! האט ער געזאגט און איז אוועק געגאנגען.

## 2.

מיין בענקען איז נאך דער מעשה פיעל שטארקער געוואָרען, איך האב באלד דעם ווירטה בעצאָהלט וואס איהם איז געקומען, און געוואָלט שוין אָברייזען. מיין קאָפער, מיט דעם פול אָנגעפאקטען רייזע־קאסטען אויף דעם רוקען, איז פאָראויס, פאר מיר, געגאנגען, אָבער אראָבגעהענדיג במעט פון דיא ערשטע טרעפ, איז מיר אנטקעגען, מיין ברודער ארויפגעקומען, דערזעלבער, וואס צוליעב איהם בין איך דיא גאנצע צייט אין פראג געזעסען.

נאטירליך איז שוין פון דער אָברייזע גאר ניט געוואָרען, און וואס האב איך געקענט טהון? מיר זיינען ביידע צוריק אין מיין צימער געגאנגען. איך בין געוועזען זעהר נייגיריג צו וויסען דיא אורזאכע פון זיין פלוצלינגען קומען. ער האט מיר באלד דערצעהלט, און איך האב מיך זעהר געפרייט הערענדיג פון איהם, דאס זיין צו־שטאנד איז וויעדער גוט געוואָרען, און איז באלד נאך פראג געפאהרען, אום דיא חשבונות פון זיינע געשעפטען זעלבסט צו רעגולירען.

זיין רעגולירען האט אָבער געברויכט עטליכע טעג געדויערן, דארום האט ער מיר געהייסען אָהן איהם אהיים פאָהרען.

איך האב טאַקי ניט געוואַרט און בין באַלד אוועק געפאָהרען.

פון פראַג ביז צו מיין שטעדט׳ל בין איך צוויא טעג און איין נאכט אונטערוועגס געווען, און דער צווייטער טאָג האט שוין אָנגעפאַנגען פינסטער צו ווערען. אומזיסט האב איך דיא פאָסטיליאָנען מיט גוטע רייד און געלד געשטאָפּט — עס איז וואס א מאָל מעהר שפּעטער געוואָרען, וואס א מאָל מעהר פינסטערער, און מיין הערץ האט וואס א מאָל מעהר געביינקט. אך, שוין זייט א פערטיל יאָהר האב איך מיין פראַניא ניט געזעהן, און ניט מיינע ליעבע טהייערע קינדער! עס האט אין מיר אַלעס געציטערט פאר נחת, טראַכטענדיג, אז איך וועל מיך נאך היינט מיט זייא רעכט הערצליך פרייען.

וואס אמת, פראַניא איז אפילו ניט מיינע ערשטע געליעבטע געווען, נאָך פריהער, איידער זיא איז מיר בעקאַנט געוואָרען, האב איך שוין געהאט געליעבט איין געוויסע פריילין ר אָ ז א ל י א, נור איהרע עלטערן האבען ניט צוגעלאָזען, זיא זאָל מיין ווייב ווערען, ווייל זיא איז מיין פאמיליע ניט אָנגעשטאַנען, און האט אלזאָ געמוזט געגען איהר ווילען חתונה האבען מיט איין אַנדערן, מיט א רייכען עדעלמאַן. אונזער ליעבע איז געווען דיא ערשטע פיר אונז ביידע — גאר אונבעשרייבליך שטאַרק. מיר האבען אונז נאך אין דער לעצטער אָבזעגונגס־שעה עוויגע ליעבע צוגעשוואָרען, און קושען און הייסע טרעהרען זיינען עדות צו דער שבועה געוועזען. אָבער מען ווייסט שוין, וואס עס ווערט דערפון. זיא איז געוואָרען פרוי נאָכדהאבער און איך האב מיר גענומען פראַניא. מיין ליעבע צו פראַניא איז געווען א הייליגערע, צייטינערע, צערטליכערע. ראָזאַליא איז א מאל דאס בילד פון מיין פאנטאזיע געווען; אָבער פראַניא דאס לעבען פון מיין הארץ.

דער גלאָק פון מיין שטעדט׳ל האט געקלונגען איינס א זייגער, בעת מיר זיינען אין דער שלאָפענדיגער גאס אריינגעפאָהרען. איך בין בייא דער פאָסט אראָבגעגאנגען, און מיין קנעכט מיט דעם קופער דערווייל דאָרט איבערגעלאָזען, ווייל איך אליין האב אויך געטראַכט גלייך זיך אומקעהרען, וויא באַלד אין דער היים וועלען אַלע שלאָפען, און בין ביז צום עק פאָרשטאָדט אוועק געגאנגען, וואו מיין פריינדליכעס הויז, אין דעם שאָטען פון הויכע בוימער, האט מיר שוין פון דערווייטען מיט זיינע פענסטער אין דער ליכטיגקייט פון דער לבנה אנטקעגען געשיינט.

3.

און אללעס איז אין שוים פון א פעסטען זיסען שלאף געלעגען! — א! פראניא, פראניא, וויא פיעל אנגסט און טויט־שרעקען וואלט מיר פערשפארט געוועזן, ווען דוא וואלטסט איינינע שטונדען מעהר וויא געוועהנליך אויפגעוועזן! — זייא האבען געשלאפען, מיין ווייב, מיינע קינדער, מיין הויזגעזינד, איבעראל חשך פינסטער, אין קיין צימער, אין קיין ארט א שום ליכטיגקייט! איך האב צעהן מאל ארום דאס הויז געוואנדערט — אלעס פערמאכט, פערשלאסען. פון דיא אויגען דעם שלאף ארויבגעיאגען, האב איך דאך ניט געוואלט קיינעם, ווייל דיא פערשלאפענע זעעלע קען ניט אזוי גוט פיהלען דאס פערגניגען פון דעם וויעדערזעהן; זא האב איך עס ליעבער אבגעלייגט אויף צו מארגענס אין דער פריה, ווען אלע וועלען פון שלאף פריש אויפשטעהן, און קענען מיך מיט א פאלקאמענע שמחה עמפפאנגען.

צום גליק האב איך געפונען דיא טהיר פון מיין גארטען אפען. איך בין אין איהם אריינגעגאנגען; דא איז געשטאנען אויף א קליינעם טישעלע דער שטריק־קארב פון מיין פראניא; דא האב איך געזעהן בייא דער לבנה־שיין אויף דער ערד און אויף דיא שטוהלען דיא שטעקענ־פערדלעך, טראמפעטלעך, בייטשען פון מיינע קינדער. מן הסתם האבען זייא דיא צייט נאך מיטאג דא צוגעבראכט. אוי וויא גוט און וואויל איז מיר געווען געבען דיא דאזיגע קינדער שפיעלכעלעך. איך האב מיך אויסגעצויגען אויף א באנק מיט א פעסטען געדאנקען דא איבערצוגעכטיגען. דיא נאכט איז געווען זעהר שעהן לאוי און מילד, און דיא לופט האט זעהר גוט געשמעקט מיט א ריח פון בליהענדע בוימער און גארטען־בלומען.

ווער עס האט זיים פערציג שטונדען ניט געשלאפען, בייא דעם איז יעדער געלעגער ווייך. איך בין באלד אין מיין מידיגקייט אייגגעשלאפען, דאך אבער קוים וואס איך האב געהאט דיא אויגען צוגעמאכט, האט מיך דאס סקריפען פון דעם טהיר'ל אין גארטען וויעדער אויפגעוועקט. איך האב מיך אויפגעהויבען און האב געזעהן א מענשען אריינטרעטען; איך האב געגלויבט עס זאל א גנב זיין, אבער מען זאל זיך פארשטעלען מיין שרעק, עס איז געווען דער רויט־געקליידעטער פריינד.

— פון וואנען קומט איהר? האב איך איהם געפרעגט.

— פון פראג. אין א האלבע שעה ארום רייז איך וויעדער אב. איך האב

דאָך געוואָלט דורכפאַהרענדיג אייך מיט אייער פראַניא זעהן, אום מיין וואָרט צו האַלטען. אייער קנעכט האט מיר אויף דער פּאָסט געזאָגט, דאס איהר זייט ערשט ניט לאַנג געקומען צו פאַהרען, און האב זיכער געגלויבט, איך וועל אין אייער הויז אַלע וואַכענדיג געפינען. איהר וועט דאָך געוויס ניט וועלען בלייבען נעכטיגען דאָ אין דער פייכטער קיהלקייט און זיך א קראַנקהייט פערשאַפען? קומט מיט מיר ארויס אביסעל!

איך בין מיט איהם ארויסגעגאַנגען אין דעם גאַרטען, און געציטערט וויא א פיש אין וואַסער, אַזוי האב איך זיך פון זיין פּלוצים קומען דערשראָקען. איך האב אפילו געלאַכט אין דער שטיל פון מיין פאַנאַטישען שרעק, אָבער דאָך האב איך זיא ניט געקענט בייקומען. דער מענש איז שוין אַזוי. דער משונה'דיגער פּנים פון דעם פראַגער פריינד איז בייא דער לבנה־שיין נאָך פיעל שרעקליכער געוועזען, און זיינע גרויסע אויגען פיעל בלישצענדער.

— איהר האט מיר ווירקליך א שרעק אָנגעמאַכט, וויא א ניט־גוטער! האב איך צו איהם געזאָגט. דאס גאַנצע לייב ציטערט אויף מיר. וויא אַזוי איז אייך אויסגעפאַלען, מיך אין מיין גאַרטען אַזוי שפּעט צו זוכען? איהר ווייסט מן הסתם אפילו וואס בייא א מענשען אונטער דיא צונג און לעבער שטעקט. פאַר אייך מוז גאַר קיין סוד אין דער וועלט ניט זיין.

ער האט דערבייא וויא געוועהנליך מיט אויסגעשצירעטע צייהן געלאַכט, און זיך אָבגערופען:

— קענט איהר מיך שוין איצט, און ווייסט וואס איך וויל פון אייך?

— אויף עהרען וואָרט, איך קען אייך איצט ניט בעסער אַלס אין פראַג, האב איך זיך אָנגערופען; אָבער צום שפּאַס וויל איך אייך דאָך דערצעהלען, וויא איהר זייט מיר דאָרט פאָרגעקומען. איהר זאָלט עס ניט פאַר אונגוט נעהמען, איך האב געטראַכט: „ווען איהר זייט ניט קיין כשוף־מאַכער, זאָ מוזט איהר געוויס דער אשמדאי זעלבסט זיין“.

ער האט ווידער שרעקליך געלאַכט און געענטפערט:

— ווען איך וואָלט, אויף שפּאַס געזאָגט, טאַקי ווירקליך איצט דער אשמדאי זעלבסט געוועזען, וואָלט איהר מיט מיר טויש געשעפטען גע־מאַכט?

— איהר וואָלט מיר מוזען פיעל אָנבאָטען, איידער איך וואָלט מיין האַנד צום צושלאָגען אויסגעצויגען. דען טאַקי וויא דער אמת, מיין העדר אשמדאי, זייט

מיר מוחל, וואס איך רוף אייך אזוי אָן אין כתבות, מיין גליק איז פאַלקאָמען, און וואס קענט איהר מיר באָטען, וואס קענט איהר מיר געבען פאר מיין נשמה ?

— אָהאָ, באָטען וועל איך אייך גאר ניט, געבען גאר ניט, דאס איז געוועזען א מאָל אין דיא אַלטע צייטען א מאָדע, בעת דיא מענשען האבען נאך געגלויבט, דאס עס זיינען דאָ שדים, ניט־גוטע און מזיקים אין דער וועלט, און האבען זיך פאר זייא שטארק געהיט, דאמאלס האט מען געמוזט מיט געלד נשמות קויפען. אָבער היינטיגען טאָג וואו קיינער גלויבט שוין ניט מעהר אין שדים, וואו יעדער בויט אויף זיין אייגענע חכמה, און טהוט אלעסדינג נאך זיין שכל, זיינען דיא מענשליכע נשמות שפּאָט ביליג.

— איך בין ניט אזוי וויא יענע לייט, בייא מיר שטעהט עס גאנץ אנדערש, חאָטש איך גלויב אויך ניט אין שדים, דאָך געה איך פון דעם גלייבען וועג ניט אראָב, דאס איין קווינט שכל פיהרט מעהר דעם מענשען צו גוטע מעשים, אלס א פונט אבערגלויבישע שרעק אין טייוועל'ס גלויבען.

— אָט דאס איז טאקי דיא מעשה! און דאס איז אייער אונגליק, איהר שטערבליכע! — דער שטאָלצער בטחון און אייער שכל לייגט אריין אין דיא ערד מעהר נפשות, אלס א סך שדים, וועלכע פערמאָגען קרח'ס עשירות. פון דער צייט אָן וויא איהר זעלבסט האט אָנגעהויבען אין עולם־הבאָ מסופק צו זיין, און דעם גיהנום פיר א אויסגעטראכטע קינדער־מעשה צו בעטראכטען; פון דער צייט וויא מען ערקלעהרט דיא עהרליכקייט פאר איינע דומהייט, דיא תאוה פיר א שוואכ־קייט, טובת הכלל פאר א נארישקייט, און רמאות רופט מען לעבענס־קלוגהייט; פון דער צייט אָן, ניט מען זיך אין גיהנום גאר קיין מיה ניט מעהר אייך צו פאנגען. דיא שדים האבען שוין ניט מעהר נעטהיג אייך מיט גאָלדענע שטריק אהינצר שלעפען. איהר קומט פון זיך זעלבסט. דיא תורה וואס אייער שכל לעהרנט אייך, האט איהר אויף דיא ליפען. — דיא מאכט פון הונדערט פערשיעדענע תאוות, אין הארצען. דיא גרעסטע צדיקים און חסידים אונטער אייך זיינען דיא וואס דיא צייט האט זייא ווינציג געלעגענהייט צום זינדיגען געגעבען; ווען אנדערש וואָלטען יענע אויך ניט בעסער, אלס איהר אלע געוועזען; דען קיינער פון אייך האט, אין דיא יעצטיגע שוואכע דורות, קיין כח דעם יצר־הרע איבערצושפארען, און איין נסיון בייצושטעהן.

— דאס הייסט רעבט וויא א טייוועל גערעדט! האב איך מיך אָבגערופען.

— געוויס אזוי! האט דער רויטער הערר געענטפערט און ווידער גע־לאכט. אָבער איך רעד דעם אמת, ווייל איהר מענשען האט געלערענט אייער צונג ליגען רעדען. אזוי לאנג וויא דער אמת איז בייא לייטען נאך היילינ געוועזן, האט געמוזט דער שטן א פאטער פון אלע ליגענס זיין. איצט איז עס אומגעקעהרט. מיר אָרימע שדים זיינען שטענדיג דער היפך, שטענדיג דיא אנטיפאָדען פון דער מענשהייט.

— נו, ווענינסטענס אין דער זאך זייט איהר ניט מיין געגנער, דען איך דענק אויך אזוי וויא איהר, מיין פהילאָזאָפישער הערר טייוועל.

— גוט, באלד אז אזוי, געהערט איהר שוין צו מיר. ווער עס גיט מיר נור איין האָר, איז שוין זיין גאנצער קאָפּ מיינס. און — דאָ איז קיהל — מיין וואָגען איז אפשר שוין איינגעשפאנט, איך מוז אָברייזען. אלזאָ לעבט אייך וואויל!

ער איז געגאנגען. איך האב איהם בעגלייט ווידער צום פאָסט־הויז צוריק, וואו זיין רייזע־וואָגען איז ווירקליך נאָר וואס איינגעשפאנט געוואָרען.

— איך דענק, איהר קענט נאך מיט מיר ארויפגעהן אויבען אין דעם הויז, און טרינקען מיט מיר נאך צום אָבשיעד א גלעזעל פונש, וועלכען איך האב בע־שטעלט, איידער איך בין צו אייך געגאנגען.

איך האב דיא איינלאדונג אנגענומען. עס איז מיר געוועזן אנגענעהם אין א ווארעמען צימער צו קומען.

## 4.

דער פונש איז שוין געשטאנען אויפ'ן טיש, בעת מיר זיינען אין דעם צימער אריינגעטרעטען. א פרעמדער רייזענדער איז פערזאָרגט און מיעד הין און אהער אין איהם ארומגעגאנגען; עס איז געוועזן א לאנגער, מאָגערער, אלטער מאן. אויף דיא שטוהלען ארום זיינען געלעגען געפעק, אונטער וועלכע איך האב בע־זאָנדערס בעמערקט, איין פרוויענצימער־שאל און א שטרוי־הוט, מיט ווייבערשע האנדשוה.

ווען מיר האבען דעם פונש געטרונקען, האט דער רייזענדער געזאָגט צו איינעם פון דיא הויז־קנעכט, וואס האט דיא געפעק אריינגעבראכט: — זאָגט מיין פרוי, ווען זיא וועט דאָ קומען, אז איך האב זיך געלייגט שלאָפען, מיר וועלען מאָרגען גאנץ פריה פון דאנען אוועקפאָהרען.

איך האב אויך ניט געוואָלט ווידער אין דעם קאלטען גארטען־הויז צוריק

געהן, און האב מיר אלזא בעשטעלט דיא נאכט א געלעגער. דער פרעמדער איז געגאנגען אין זיין צימער שלאפען. מיר האבען דיא פונש־גלעזער ליידיג געמאכט אונטער אלערלייא פלוידערייא. דאס פייער פון דעם געקאכטען ויין האט מיך דערקוויקט. דער רויט־געקליידעטער האט געאיילט צו זיין וואגען, און אינדעם וויא איך האב איהם געהאלפען אריינזעטצען אין זיין וואגען, האט ער צו מיר געזאגט: — מיר וועלען זיך נאך אמאל זעהן ווידער. דערמיט האט זיך דער וואגען גע־ריהרט.

וויא איך בין אין דעם צימער צוריק אריינגעקומען, איז א פרוי אין איהם געווען, וועלכע האט דעם שאל, דיא האנדשוה און דעם הוט גענומען. וויא זיא האט זיך נור מיט׳ן פנים צו מיר אומגעדרעהט, האב איך זיא מיט גרויס שרעק באלד דערקענט. עס איז געווען ר א ז א ל י א, מיינע ערשטע געליעבטע, און וויא איך האב מיך נאכהער ערקונדיגט, מאכט זיא איינע לוסטרייזע נאך איטאליען. זיא האט מיך אויך זאגלייך דערקענט, און איז ניט ווינציגער דערשראקען געוועזען אלס איך.

— אום גאטעס ווילען, ביזט דוא עס יאקאב?

— ראזא! האט מיין צונג געשטאמעלט, און אלע תענוגים פון דער ערשטער ליעבע האבען ווידער אויפגעוואכט בייא דעם אונערווארטעטען בעגעגעניש. איך בין צו איהר נעהנטער צוגעגאנגען. איהרע אויגען זיינען פול מיט טרעהרען געווען; איהר געזיכט רויט און בלאס. איך האב איהר א קוש אין האנד געגעבען. זיא ווידער האט מיין רעכטע האנד מיט איהרע ביידע הענד אנגענומען, און מיט גרויס פריינדליכקייט געדריקט.

ער׳שט שפעטער אלס מיר זיינען צו זיך געקומען, האט זיא וויא דער־שראקען בעמערקט, אז זיא איז האלב אויסגעטהון. — דא איז ניט מיין צימער! האט זיא צו מיר געזאגט, און זיך מיט׳ן שאל ארומגעהילט און געבעטען:

— קום יאקאב, מיר האבען פיעל צו רעדען.

איך בין איהר נאכגעגאנגען אין איהר צימער.

— דא קענען מיר איינס דעם אנדערן גאנץ פרייא אלעס דערצעהלען! האט זיא זיך וויימער אנגערופען און מיר האבען זיך אניעדערגעזעצט אויף א סאפע. דא איז פון אלעם גערעדט געווארען. דא האט זיך ווידער אויפגעפלאמט דיא אלטע ערשטע ליעבע, וועלכע איך האב שוין לאנג פאר גאנץ פערלאשען געהאלטען. ראזאליא, וואס איז מיט איהר נאכדהאבער ניט גאנץ גליקליך געווען, האט זיך

אָן מיר מיט אמאָליגער שטאַרקער צופריעדענהייט אָנגעהאַנגען. מיר האבען זיך דערמאָהנט דיא פערגאַנגענע גוטע צייט, דיא פערשוואונדענע פרעהליכע טאָג און נעכט, דיא ערשטע בעקאַנטשאַפט אויף דעם באלל בייא דיא תנאים פון איהר שוועסטער; דאַן אונזער וויעדערזעהן זיך אין שטאָדט־גאַרטען; דאַן דאס שיפען זיך אויף דעם וואַסער, און וויא מיר האבען זיך ליעבע ערקלערט, טריישאַפט אויף אייביג צוגעשוואָרען.

און דערמאָנענדיג זיך אזוי אין אונזערע אַמאָליגע גוטע יאָהרען, האט זיך פּלוצים דיא טהיר אויפגעמאַכט. דער לאַנגער מאָגערער מאַן איז אריינגעקומען מיט דער פראגע, — ווער איז נאָך בייא דיר, ראָזא?

— מיר זיינען מיט שרעק אויפגעשפּרונגען. דער עדעלמאַן איז געשטאַנען א פּאָר מינוט אָהן לשון און בלאַס וויא א טוידטער. נאַכהער איז ער מיט דרייא טריט צו ראָזאליען צוגעלאָפען, האט ארומגעוויקעלט מיט איהרע לאַנגע בלאָנדע לאָקען זיין האנד, און האט זיא א וואָרף, א שליידער געטהון צו דער ערד, און אזוי זיא ארום שלעפענדיג, האט ער געשריען: אונטרייע, אויסגעלאַסענע!

איך האב געוואָלט איהר צו הילף זיין, ער האט מיך אָבער מיט א שרעק־ליכער קראַפט אָבגעשטופּט צוריק, דאס איך בין אַזש אויף הינטען אומגעפאַלען. וויא איך האב מיך וויעדער אויפגעשטעלט, האט ער דיא אונגליקליכע צורוה גע־לאָזען, און צו מיר געשריען: — דיך דערשטיק איך דאָ באלד אויפ׳ן אָרט! אין פערצווייפלונג האב איך גענומען א מעסער פון טיש, ער האט אָבער גאר ניט מורא געהאט, און איז מיט רציחה צו מיר צוגעשפּרונגען, און האט מיטביידע הענד מיין האלז אָנגעכאַפּט אזוי שטאַרק, אז איך האב ניט געקענט דעם אָטהעם חאַפּען. איך האב אָנגעהויבען אין צומישטקייט צו מאַכען מיט דעם מעסער אין אלע זייטען ארום מיר. מיט איינמאָל איז דער אונגליקליכער אַניעדערגעפאַלען. דאס מעסער איז איהם טיעף אין דער ברוסט אריין.

ראָזאליא איז געלעגען יאָמערענדיג אויף דער ערד נעבען איהר דערהרג׳עטען מאַן. איך בין דאָ געשטאַנען וויא איין פערגליווערטער. „אָ“, האב איך געטראַכט, „הלואי וואָלט עס דאָך נור א חלום געווען, און איך זאָל האבען געלעגען וואַכענדיג אויף דער סאָפע אין מיין גאַרטען. פערשאָלטען זאָל זיין דער רויט־געקליידעטער צוזאַמען אפילו מיט דעם טייסטער! אָ מיינע אָרימע קינדער! אָ מיין געליעבטע, אונגליקליכע, פרומע פראניא! — נאָהנט בייא דיא שוועלען פון מיין היימישען גן־עדן ווער איך צוריקגעוואָרפען אין אזא גיהנום, וואס איך האב איהם קיין מאָל ניט געקענט!“

דער ליארם אין צימער האט דיא הויזלייט אויפגעוועקט. איך האב געהערט פרענען, רופען, לויפען. מיר איז קיין אנדערע עצה ניט געבליעבען, אלס נור צו אנטלויפען, בכ"זמן מען האט מיך נאך ניט געחאפט. איך האב געחאפט דאס ברענענדיגע ליכט, וועלכעס אויף דעם טיש איז געשטאנען, אום צו האבען מיר אין דער היים אנצוצינדען.

**5.**

אינדעם וויא איך בין פון דיא טרעפ ארויבגעגאנגען, האב איך געטראכט אין מיין הויז גלייך צו לויפען, מיין ווייב, מיינע קינדער צו וועקען, זייא נאך איינמאל צו האלזען, נאכהער, וויא הבל'ם ברודער, קין, אין דער וועלט צו לויפען, וואוהין, דיא אויגען וועלען מיך פיהרען, אום ניט אין דיא הענד פון דער גערעכטיגקייט ארייגצופאלען. אבער וויא איך בין נאך אויף דיא טרעפ געווען, האב איך שוין גע־זעהן, דאס מיינע קליידער זיינען אין גאנצען מיט דעם עדעלמאנ'ס בלוט איינגע־שמירט, איך האב זעהר געציטערט, טאמער דערזעהט מען עס.

דיא הויז־טהיר צום ארויסגעהן אויף דער גאס איז צוגעשלאגען געווען. וויא איך בין צוריק געלאפען צו דער הינטער־טהיר, האב איך געהערט פון דיא טרעפ לויפען מענשען, שרייען און רופען הינטער מיר: — יאגט איהם נאך וויא איהר קענט! חאפט איהם דעם רוצח! איך בין געלאפען איבער דעם הויף, צום שייער פון שטרוי, וואס מען האט געהאלטען פאר פאסט־פערד, איך האב געוואוסט, דאס פון דאנען קום איך ארויס אין גערטנער, אין פעלדער אויסער דעם שטעדט'ל. אבער דיא נאכיאגערס, זיינען גיך נאך געלאפען. איך בין קוים צוגעלאפען צום שייער, האט מיך שוין איינער ביים ראק אנגעחאפט. מיט טויטס־שרעק האב איך זיך ארויסגעריסען און א ווארף געטהון מיין ברענענדיגע ליכט אין דעם הויף אויפגעהויפטען בארג שטרוי, כדי דער נאכיאגער זאל זיך געשווינד צום לעשען דאס פייער חאפען, און מיך פון איהם אין גאנצען בעפרייען. עס האט מיר געלונגען. עס איז באלד א פלאם ארויס, מען האט מיך אבגעלאזט און איך בין אויף דעם פרייען פעלד אנטלאפען.

איך האב גאר ניט געקוקט, און בין געלאפען איבער צוימען, איבער גראבענס, איבער טהאלען און בערג. מיין פראניא מיט מיינע צווייא קינדערליך, מאריטץ'ן מיט אדאלף'ן נאך אמאל צו זעהן, פון דעם איז שוין גאר ניט מעהר געוועזן צו טראכטען. דער רצון צו דערהאלטען דעם איינענעם לעבען, האט איבערגעשטיגען אלע אנדערע געפיהלען פון דעם הארצען און פון דער נאטור.

ווען איך וואָלט פון מיין נעכטיגען צוריק א היים קומען, פון מיינע ערוואַר־טונגען אויף דעם היינטיגען נאָהנטען פריהמאָרגען געטראַכט, וואָלט איך גאר ניט געקענט פאר מעגליך האַלטען, דאס אַזעס איז געשעהן געוואָרען. אָבער מיינע פערבלוטיגטע קליידער, דער קיהלער מאָרגענווינד וואס האט מיך דורכגענומען, האט מיך יעדע מינוט דערמאָהנט אין דער שרעקליכער זאַך וואס איך האב ניט לאַנג געטהון, וואָלט איך בייא מיר איין מעסער אָדער איין רעוואָלווער געהאט, וואָלט וואו ניט וויט פון מיר א טיעפער טייך געווען, וואָלט איך מיר גענומען דאס לעבען.

דורכגענעצט פון שוויס, אָהן א אָטהעם, אָהן כוחות און אָהן קרעפטען, מיט ציטערענדיגע קניע, בין איך וויטער און וויטער געלאָפען, דער אָטהעם איז מיר שווער געוואָרען לויפענדיג און א סך מאָל האב איך שוין געהאַלטען, אין חלשות צו בלייבען.

אזוי בין איך ביז דעם נאָהנטסטען דאָרף געקומען. איך האב זיך מישב געווען, צו זאָל איך אין דאָרף אריינגעהן, אָדער פארבייא לויפען כל־זמן עס האט נאך ניט אָנגעהויבען צו טאָגען. פלוצים האט אָנגעפאַנגען אין דעם דאָרף־טהורם צו קלינגען. באַלד האבען אויך פון אנדערע נאָהנטע אומגעגענדע גלאָקען־טענער געקלונגען. עס איז געווען א קלינגערייא אויף א שריפה.

יעדער קלונג האט מיר דעם מוח וויא מיט א האַמער צוהאַקט, יעדער טאָן האט מיך צומאָהלט וויא א מיהלשטיין. איך האב מיך אומגעקוקט. א גאָט! הינטער מיר א ברייטער טונקעל־רויטער פייער; גרויסע לאַנגע פלאַמיגע זיילען שטייגען ביז צו דיא וואָלקענס ארויף! דאס גאַנצע שטעדט׳ל איז אין פלאַמען געשטאַנען. יא — איך בין דער ברענער! — א מיין פראַניא! א מיינע קינדער, וואס פאר א שרעקליכען פריהמאָרגען, האט אייך אייער פאָטער צוגע־גרייט! —

שרעק מאַכט א מאָל דעם שלאַפסטען שטאַרק. עס האבען זיך אין מיר דאָ נור נייע פרישע קרעפטע געפונען, מיינע פיס זיינען גרינג וויא א פעדער געוואָרען. איך בין מיט ברייטע און גיכע טריט איבער דיא פעלדער ארום דעם דאָרף צו א סאָסנעוועו וואלד צוגעלאָפען. דיא פלאַמען פון מיין היים האבען געלויכטען, און דיא שטאַרקע איבערגעהאַקטע קולות פון דיא גלאָקען, האבען מיין האַרץ אויף שטיקער צוריסען.

דיא פרישע כוחות האבען מיך אויך ניט וויטער געטראָגען, אלס נור אזוי טיעף אין וואלד אריין, ביז איך האב שוין דאס פייער ניט געזעהן, און דאן בין איך

ווידער צו דער ערד פאר חלשות'קייט געפאלען. איך האב אנגעהויבען צו יאמערן און צו קלאגען, און דאס לייב פון זיך מיט די צייהן צו בייסען, איך האב געוואלט מיין מוידט זעהן, און האב ניט געוואוסט וויא איהם צו געפינען.

איך האב אנגעהויבען אליין אויסצורעכענען מיינע שלעכטע מעשים: אונ־טרייא געגען מיין ווייב געוועזען, אויף א פרעמדע פרוי מיין אויג געווארפען, א מענשען גע'הרג'עט, א גאנצע שטאדט פערברענט — און דאס אלעס כמעט אין איין איינציגע שעה! אַ, דער רויטער ראק האט טאקי גאנץ רעכט געהאט, וואס ער האט געזאגט: צדיקים און חסידים אונטער אייך זיינען, נור די מענשען וועלכע האבען פון דער צייט קיין געלעגענהייט צום זינדיגען בעקומען. פרובט דעם שטן נור איין האר געבען, דאן האט ער שוין באלד אייער גאנצען קאפּ. וועלכער שלים מזל האט דעם אשמדאי צו מיר אין גארטענ־הויז געפיהרט? וואלט איך זיין פּינש ניט געטרונקען, וואלט איך אויף ראזאליען מיט גאר אנדערע אויגען געקוקט, וואלט מיט איהר געטענה'ט, גערעדט, געשמועסט, און נור מיין פראניא פון דעסטוועגען אין זינען געהאט; וואלט איך אין איהר און אין מיינע קינדער ניט פערגעסען, וואלט דער עדעלמאן ניט גע'הרג'עט געווארען; איך וואלט מיין היים מיט א גאנצע שטאדט ניט אין פייער פערברענט; איך וואלט ניט געלעגען דא אין שרעקעניש, אין וואלד — דאס אלעס האט דער פּונש געמאכט.

די גלאקען האבען אהן א אויפהערונג שטארק געברומט, איך האב מיט אלע אברים אנגעהויבען ציטערן נור איך האב מיך געפרייט, וואס עס איז נאך ניט טאג געווארען, און געקענט האפען, נאך א גוטע שטרעקע אבצולויפען. אבער איך בין ווידער ווייגענדיג צו דער ערד אנידערגעפאלען ווען איך האב זיך דערמאהנט, אז היינט איז דער צוואנציגסטער מאי. עס איז מיין פראניא'ס געבורטסטאג. אַ, מיט וואס פאר א פרעהליכקייט, מיט וואס פאר א שמחה פלעגען מיר גליקליכע, צווישען אונזער פאמיליע, איהם שטענדיג יום־טוב'ן! און היינט! וואס פאר א טאג! וואס פאר א נאכט! — וואו בין איך? וואו ליעג איך? וואו האבען מיך די ניט־גוטע, די שדים פערטראגען?! — דער רויטער־ראק איז מיר אויפ'ן געדאנקען ווידער לעבעדיג מיט אלע זיינע וואונדערליכע רייד פארגעקומען. איצט, וואס זאל איך לייקענען? איצט וואלט איך מיין נשמה אוועק־געגעבען. ער זאל באמת האבען געוועזען, דען וויא ער האט זיך בייא מיר אין דעם גארטענהויז שפּאסענדיג אנגערופען, אום מיך צו רעטען, אום מיר מיין זכרון פון מיר צו נעהמען, אום מיר, מיין ווייב, מיינע קינדער ערגיץ א ווינקעל אין דער וועלט ווידער צו געבען, וואו מיר זאלען אונבעקאנט קענען לעבען.

די קולות פון די גלאָקען זיינען שוין ניט אזוי שטארק געווען און ערשט איצט האב איך דערזעהן וויא די זונן האט אָנגעהויבען אויפגעהן. איך האב מיך גיך אויפגעהויבען פון דער ערד און בין ווייטער געלאָפען און געקומען צו א ברייטען אויסגעפאָהרענעם וועג.

6.

די פריהמאָרגענדיגע פרישע לופט האט מיך אביסעל דערקוויקט, און איך בין עטוואס צו זיך געקומען. אלע געשעהענע מעשים זיינען אזוי שרעקליך, אזוי פלוצלינג געווען, אז עס האט זיך מיר זעלבסט ניט געגלויבט, דאס זאָל קענען אמת זיין. איך האב מיך אומגעקוקט — אָבער דורך די סאָסנאָווע בוימער האט גע־גליהט דער רויטער ווידערשיין פון דער שריפה. איך האב מיך בעטאפט, און גע־פונען מיינע פינגער איינגעריבט מיט דעם בלוט פון דעם עדעלמאַן. „דאס זאָגט אוים דעם ערשטען, וואס וועט מיך בעגעגענען, אז איך האב א מאָרד בעגאנגען“, האב איך געטראכט, און גלייך אראָב געריסען פון מיר די בלוט־בעפלעקטע קליידער, זייא פערשטעקט אין געדיכטען גראָז, און אָבגעוואַשען מיר ריין די הענד אין דעם טהוי פון דעם גראָז. אזוי, האלב נאקעט, בין איך ווייטער אויף דעם ברייטען וועג אהין געלאָפען.

„ווער ביסט דוא א ?“ האב איך צו מיר זעלבסט גערעדט. „זאָל דיך איצט ווער דערזעהן, זאָ וועט ער דיר געוויס נאָכיאָגען. נור משוגעים אָדער מערדער לויפען אין א בלויזע העמד דורך די וועלדער ; אָדער איך מוז זאָגען איך בין בע־רויבט געוואָרען. וועט מיך א בויער בעגעגנען, וועלכען איך וועל קענען בייקומען, וועט ער מיר מוזען זיינע קליידער געבען, אזוי וועל איך דערוויילע זיכער זיין. איבער'ן טאָג קען איך אין דעם געדיכטען וואלד בעהאלטען זיך, און ביי נאכט מיין פליטה ווייטער מאכען. אָבער פון וואנען זאָל איך נעהמען עסען ? פון וואנען געלד ?“ — איצט איז מיר איינגעפאלען, וויא איך האב מיין טייסטער אין דעם אוועקגע־וואָרפענעם ראָק איבערגעלאָזען, און מיט מיינע איינענע הענד פון מיר דאס גאנצע מזומענע געלד אוועקגעוואָרפען.

עטליכע מינוט בין איך אזוי געשטאנען ניט וויסענדיג וואס צו טהון. איין אויגענבליק האב איך געטראכט, זיך אומצוקעהרען און מיין טייסטער צו נעהמען. אָבער — דאס בלוט פון דעם עדעלמאַן ! איך וואָלט עס ניט וועלען וויעדערזעהן, עס זאָל אפילו אין מיין ראָק ליגען א מיליאָן ; און צוריקגעהן, דעם געיהענדען

רויטען פלאם צווישען דיא סאסנעס שטענדיג פאר דיא אויגען האבען . . . ניין, דיא פלאמען פון דעם אפענעם גיהנום ליעבער! — איך בין ווייטער געלאפען.

זא האב איך דערהערט דאס רוישען פון א וואגען — אפשר איין פייער־שפריטצער אדער צו הילף איילענדע בויערן. — איך בין צוריק אין וואלד אריינגע־שפרונגען און מיך אוועקגעשטעלט אין אזא ארט, וואו איך האב געקענט אללעס פון דער ווייטען גוט בעאבאכטען. איך האב געציטערט וויא איין פיש אין וואסער. באלד איז געקומען לאנגזאם אין צווייא פערד געשפאנט, א פיינער אפענער וואגען, מיט קאסטען געפאקט. איין מאן איז אין איהם געזעסען און האט אנגעטריבען דיא פערד. ער איז אלע מאל לאנגזאמער געפאהרען, און ענדליך געבליעבען שטעהן נאהנט פאר מיר. ער איז אראבגעקראכען פון וואגען און האט איהם בעקוקט פון אלע זייטען; דערנאך האט ער פערלאזט דעם וואגען און געלאזט זיך געהן אין וואלד. —

„דוא וואלסט געהאלפען געווארען, ווען דוא זאלסט אין דעם וואגען זיטצען!" האט דאס הארץ אין מיר גערעדט. „דיינע פיס זיינען וויא צובראכען, זייא שלעפען דיך שוין ניט מעהר, דוא וואלסט גערעטעט געווארען: קליידער, געלד, ניך אנט־לויפען, אלעס וואלט געקענט זיין. גאט האט עס דיר צוגעשיקט. פערשפעטיג ניט דיא ריכטיגע צייט. בעניטץ זיך מיט דער גוטער געלעגענהייט. דער וואגען איז לעדיג, חאפ זיך אין איהם אריין.

געטראכט, געטהון. דען מיט ישוב הדעת איז ניט מעגליך געוועזען צו טהון. יעדע רגע איז טייער געווען, יעדער איז זיך זעלבסט דער נאהנטסטער קרוב, מען רע־טעט זיך וויא מען קען. פערצווייפלונג און נויטה האבען קיין געזעטץ. איין שפרונג, און איך בין שוין פון וואלד אויפ'ן וועג, פון וועג אין וואגען. איך האב אנגענומען דיא לייצען און אויסגעקירעוועט דיא פערד מיט דעם וואגען צוריק. דער אייגענ־טהימער איז גלייך אויס דעם וואלד צו מיר צוגעלאפען. און אין דעם אויגענבליק, וויא איך האב דיא פערד א שמיטץ געגעבען מיט'ן בייטש, האט ער געוואלט זייא בייא דער צוים אויפהאלטען. ער איז פאר זייא געשטאנען, איך האב שטארקער געשמיסען, איצט האט געמוזט אלעס ריזיקירט זיין. דיא פערד האבען זיך אויף דיא הינטערשטע פיס געשטעלט און א שטארקען ציה געטהון דעם וואגען פאראויס. דער אייגענטהימער איז געפאלען און געלעגען אונטער דיא פערד. איך בין איבער איהם אוועקגעפאהרען. ער האט געשריען הילף און רעטונג. זיין קול האט מיך דורכגעבויערט, עס איז געווען א בעקאנטע געליעבטע שטימע. איך בין אויף א

מינוט °געבליעבען שטעהן און זיך ארונטערגעבוינגען אונדער דעם וואגען, אום נור דעם אומגליקליכען צו זעהן.

— איך האב איהם געזעהן! — אָבער — איך ציטער מיט אַלע אברים ווען איך דערמאָהן זיך — איך האב געזעהן מיין ברודער, וואס האט זיינע געשעפטען אין פראג פלוצלינג אָבגעטהון, אָדער אַנדערע סיבות האבען איהם געבראכט גע־שווינד צוריק א היים צו פאָהרען. —

איך בין דאָ געזעסען, וויא פון א דונער דערשלאָגען, וויא געלעהמט און פערשטיינערט. אונטער מיר האט געקרעכצט דער איבערגעפאָהרענער. דאס האב איך ניט געוואָלט, ניט געמיינט. איך בין פון וואָגען אראָבגעקראָכען און בין צו מיין ברודער אניעדערגעפאַלען. דאס שווערע ראָד איז איהם געווען איבער דיא ברוסט אריבערגעגאנגען, איך האב מיט א ציטערענדיגע, שטילע שטימע זיין נאָמען גע־רופען. ער האט מיך שוין ניט מעהר געהערט. ער האט מיך שוין ניט מעהר דער־קענט. ער איז שוין טוידט געווען. שוין זיין וועלט אויסגעליטען. איך בין געווען דער רשע, וואס האט איהם זיין לעבען גענומען, וועלכעס בייא מיר איז אזוי טהייער געווען אלס מיין אייגענעס. — שרעקליך, צווייא רציחות אין דערזעלבער נאכט בעגאנגען; אמת אפילו,ביידע ניט ווילענדיג, ביידע אוים פערצווייפלונג, אָבער איך האב זייא פאָרט געטהון און אלץ דורך דיא סבה פון דער ערשטער זינד פון וועלכע איך האב זיך געדארפט פערהיטען.

מיינע אויגען זיינען נאס געוואָרען; אָבער עס איז געווען ניט טרעהרען פון יסורים, פון שמערצען איבער דעם געליעבטען טוידטען, נור טרעהרען פון דעם משוגענעם כעס געגען מיין מזל, געגען דער השגחה. קיין מאָל אין מיינעם לעבען האב איך מיך מיט א גראָבע זינד בעפלעקט, קיין מאָל איז דער יצר הרע ניט געווען אין שטאנד מיך צו שלעכט׳ס צו צורעדען. מיין הארץ איז שטענדיג פול רחמנות, פול מיטלייד געווען. איך האב קיין זיסערע שמחה ניט געהאט, אלס איימיצען א טובה טהון אָדער גליקליך מאכען. און איצט, נור איין איינציגע רגע גרינג אויף דער דעה געווען, איין רגע אָן זיך זעלבסט פערגעסען, האט שוין דער רשעת׳דיגער צופאל מיך צו דיא שרעקליכסטע זינד געפיהרט, און צום אונגליק־ליכסטען אין דער וועלט געמאכט! אָ, קיינער זאָל זיך ניט ריהמען מיט זיין פרומ־קייט, מיט זיין גוטהערציגקייט, מיט זיין גבורה, מיט זיין ישוב הדעת! עס געהערט ניט מעהר אלס איין מינוט דערצו, און וועלכער דער מענש זאָל ניט קענען זיין א מושל ברוחו, זאָל ניט קענען איבער זיך זעלבסט הערשען. — ניט מעהר נור אלס איין מינוט, און דער גרעסטער צדיק איז צו אלע שענדליכע מעשים פעהיג. וואייל

איהם, ווען זיין מזל האנדעלט בעסער מיט איהם, אלס וויא מיט מיר, און לייגט איהם ניט א ברודער אין וועג צו איבערפאָהרען און צו רעדערן.

אָבער וואס ניטצט מיר פון מאָראל צו רעדען? ווער עס האט דאָ א מוסר השכל פון זיך זעלבסט ניט אראָבגענומען, פאר דעם איז קיין מוסר ניט מעהר פער־האנדען. איך וויל צום סוף פון מיין אונגליקס־געשיכטע איילען וועלכע אפילו א פאָעט האט אויך שוין שרעקליכער ניט געקענט אויסטראכטען.

## 7.

איך האב געקושט דעם בלאסען שטערן פון מיין ברודער. דאָ האב איך גע־הערט קולות אין וואלד. איך בין דערציטערט געוואָרען. זאָל איך מיך לאָזען חאפען, איבער דעם טודטען קערפער פון דעם געליעבטען, וועלכען איך האב ערשט געוואָלט בערויבען און נאכהער טעדטען? און איידער איך האב מיר זעלבסט איבערלייגט, בין איך שוין געוועזען טיעף אין וואלד צווישען געדיכטע בוימער, און מיין טוידטען ברודער, דיא פערד מיט דעם וואָגען איבערגעלאָזט אויף הפקר. אלעס איז שוין געוועזען אין מיר אָבגעשטאָרבען; נאָר דער גרויסער רצון צום לעבען איז נאך בייא מיר געוועזען. — צומישט וויא א משוגענער, בין איך דורך דערנער און געדיכטע אראָבגעלאָזענע צווייגען געגאנגען; וואו עס איז מעהר פערשטעלט געוועזען, דאָרט האב איך געאיילט. „ווער עס וועט דיך געפינען“, האב איך זיך געטראכט, „דער וועט דיך הרג'נען. קין, ברודער־מערדער“!

דיא זונן איז שוין אין גאנצען אויפגעגאנגען. א נייע לעבען האט געוועהט דורך דיא נאטור. דיא שרעקליכע נאכט איז געשטאנען פאר מיר מיט איהרע אלע פערבורעבונגען און אָט! האב איך געזעהן פאר מיינע אויגען מיין פארוויינטע פראָני'א מיט דיא אונגליקליכע קינדער; — געזעהן דיא אומגליקליכע אלמנה מיט דיא קינדער פון מיין גע'הרג'טען ברודער; — געזעהן דיא אייזערנע גראָבע שווערע קייטען — דיא פינסטערע תפיסה — דיא תליה פאר מיר מיט דעם תלין.

דאָ איז מיר דאס לעבען פלוצלינג נמאס געוואָרען. א, פאר וואס האב איך מיך ניט געלאָזט פון דעם עדעלמאן'ס האנד דערשטיקען, איידער איך האב דיא שטעדט'ל פערברענט! פאר וואס ניט אין דעם פייער אריינגעשפרונגען, איידער איך האב מיין ברודער דער'הרג'עט! אויך איצט זעה איך ניט בעסערס פאר מיר, וויא דאס לעבען מיר צו נעהמען; דען ווער ווייס צו וויפיעל נאך זינדען וועט מיך דער צופאל ברענגען. איך האב שוין געוואָלט דאס לעבען מיר נעהמען — אָבער אויך דערצו האב איך קיין מיטעל ניט געהאט. דאן איז בייא מיר פעסט געבליעבען,

אליין זיך איבערגעבען אין דיא הענד פון דיא ריכטער, פאר זייא מיט חרטה זיך מודה זיין אין מיינע שרעקליכע זינד. דער געדאנק האט מיך אביסעל גצטרייסט און בערוהיגט מיין הארץ, טראכטענדיג אז מיינע זינד וועט מען דורך מיין טוידט מוחל זיין, און פיעלייכט וועלען דיא ריכטער איבער מיר רחמנות האבען, ווייל איך האב דאך ניט ווילענדיג דאס אלעס געטהון; אפשר וועלען זייא מיר ערלויבען מיט מיין ווייב און קינדער זיך נאך צו זעהן, זייא נאך איינמאל אין מיין לעבען איין קוש צו טהון, און זייא בעטען, זייא זאלען מיר מוחל זיין. איך האב געהאפט, איך וועל אזוי ארום נאך קענען איינינע הוידנעשעפטען אין ארדענונג ברענגען, מיין פראניא׳ן נאך עטליכע נוטצליכע עצות געבען, און מיין מאריטצ׳ן מיט אדאלף׳ן איבערלאזען א צואה וויא זייא זאלען זיך א מאל אויפפיהרען אין דער וועלט.

איצט בין איך כמעט גאר רוהיג געווארען. מיט דעם לעבען האב איך זיך שוין געזעגענט און מיין געוויסען (סאוועסט) האט מיך אויפגעהערט מוטשען.

איך בין אויפגעשטאנען און געגאנגען; דאך האב איך ניט געוואוסט וואו אהין. אין צומישונג און טויט־שרעק האב איך זעלבסט דיא געגענד פערגעסען, אויס וועלכער איך בין געקומען. דער וואלד איז געדיכט און פינסטער געווען, איך האב חשק בעקומען צו דעם ארט וואו דיא שרפה איז געווען.

איך האב אנגעהויבען צו געהן ניט וויסענדיג וואו אהין, טראכטענדיג אז יעדער וועג וועט מיך צו מיינע ריכטער פיהרען.

אין דעם וויא איך בין עטליכע מינוט געגאנגען, איז דער וואלד ליכטיגער געווארען. נור איך האב זיך מעהר ניט געשראקען פאר דעם ליכטינקייט און בין ווייטער געגאנגען. —

## 8.

איך האב געהערט נאהנט פאר מיר פערד הירזשען. איך האב זיך ווידער דערשראקען. דיא ליעבע פון לעבען האט זיך אויף דאס נייא אין מיר דערוועקט. איך האב געטראכט לויפען צוריק אין וואלד. „דוא האסט אפילו געזינדיגט, דוא ביסט אפילו א פערברעכער פון דער שרעקליכסטער ארט, אבער דוא קענסט נאך וואויל גליקליך זיין, ווען דוא וועסט זיך נור איצטינס מאל ראטעווען, ווייל א אמת׳ר רשע ביזט דוא קיין מאל ניט געווען, חאטש אפילו דער לייכטזיניגסטער“. אזוי האב איך מיר געטראכט און אלע פריהערדיגע פעסטע מחשבות וועגען זיך איבערגעבען דיא ריכטער האב איך אין גאנצען פערגעסען, און שוין גאר בדעה

געהאט ווידער צו אנטלויפען אין א ווייטען ארט, וואו איך מיט מיין ווייב און קינדער, וואלט אונבעקאנט אונטער א פרעמדען נאמען געקענט לעבען, אבער ביי דעם אלעם בין איך פארט ווייטער געגאנגען. —

איך בין געקומען וואו דער וועג האט זיך לינקס פערדרעהט, און האב דארט ווידער געזעהן פערד, א אומגעקעהרטען וואגען, מיט א צובראכענעם ראד, און צו מיין אונגליק אדער צום גליק איז דערביי געשטאנען דער בעקאנטער רויטער־ראק.

וויא ער האט מיך דערזעהן, האט ער מיך באלד וויא זיין שטיינער, מיט זיין לאכען מכבד געווען, און געזאגט:

— ברוך הבא! האב איך ניט געזאגט, דאס מיר וועלען זיך נאך אמאל ווידער טרעפען? — איך ווארט שוין דא דיא גאנצע נאכט. מיין פאסטיליאן איז אין דעם שטעדט׳ל צוריק געלאפען, אום הילף צו ברענגען, און קעהרט זיך ניט ווידער.

— ער האט דארט מעהר צו העלפען אלס דא, האב איך געזאגט, דען דיא גאנצע שטאדט ברענט.

— איך האב עס גלייך פערשטאנען, האט ער געענטפערט, דען איך האב געזעהן דער הימעל איז רויט וויא געוועהנליך ביי א שרפה. אבער וואס האט איהר דען צו טהון אין וואלד? וואס זוכט איהר דא? וואס לויפט איהר ניט העלפען לעשען?

— איך האב אנדערע, וויכטיגערע זאכען צו לעשען, אלס האלצווארג. אין מיין הארצען ברענט א פייער פון גיהנום.

— איך האב געוואוסט אייער סוף וועט אזוי זיין, האב איך דען פריהר ניט געזאגט?

— רעטעט מיך. איך בין א שטארקער פערברעכער געווארען — עס איז אויס מיר געווארען א לייכטזיניגער מאן, א רוצח, א ברענער, א גאסען־רויבער, א ברודער־מערדער, אלעס פון דעם אויגענבליק אן, וויא איהר האט מיך פערלאזט; אלעס אין א משך פון דרייא שעה. און דאך, שווער איך אייך, אז איך בין קיין שלעכטער מענש ניט.

דער רויטער־ראק האט געטופעט מיט דעם פרומען פוס אויף דער ערד, און האט נאר ניט געענטפערט, עס האט אויסגעוויזען אז ער איז זעהר אין כעס. דא האב איך איהם דערצעהלט דאס שרעקליכע אומגליק פון דער נאכט, וואס

האט קיין גלייבען און קיין ביישפיעל ניט. ער האט גאנץ קאלטבלוטיג אויס־געהערט.

— קענסט איהר מיך איצט, און ווייסט וואס איך וויל פון אייך? האט ער ענדליך זיך אָנגערופען.

— מיין נשמה; מיין נשמה ווילט איהר! האב איך געשריען, דען איצט הויב איך אָן צו גלויבען, דאס איהר זייט באמת דער, פאר וועלכען איך האב אייך אין פראג, בייא מיר זעלבסט שפּאַסענדיג, געהאלטען.

— און ווער גלויבסט דוא בין איך?

— דער אשמדאי!

— זאָ פאל פאר מיר אניעדער און זייא מתפלל צו מיר! האט ער געשריען מיט א שרעקליך קול.

איך בין געפאלען אויף דער ערד, וויא א משוגענער, פאר איהם צו דיא פיס, און האב אויפגעהויבען דיא הענד און געבעטען: ראטעוועט מיך! — רעטעט מיין ווייב און מיינע קינדער! זייא זיינען אונשולדיג. ברענג אונז אין א וויסטעניא, וואו מיר וועלען נור ברויט מיט וואסער האבען, ברענג אונז אין א אָרט וואו קיין מענשענס פוס קומט ניט אהין. מיר וועלען אונז גליקליך האלטען אזוי וויא אין א גן־עדן. אָבער, נעהם ערשט פון מיר דעם זכרון אוועק, כדי איך זאָל ניט געדענקען מיינע פערברעכונגען פון היינטיגער נאכט, דען ווען ניט, איז אויך אין גן־עדן דער גיהנום. קענסט דוא דאס ניט, דאן איז מיר בעסער צו שטארבען מיט ודוי און תשובה אויף דער תליה.

וויא איך האב דאס געזאָגט, האט ער מיט דעם קרומען פוס א שטויס גע־טהון מיט פעראכטונג אנטקעגען מיר, דאס איך בין אויף דער ערד געפאלען. איך האב געוואָלט מיין בקשה נאך אמאל בעטען, אָבער ער האט מיך ניט געלאָזט און געזאָגט: — קוקט נור דאָ אָן דעם צדיק תמים, דעם בעל־רחמנות! קוקט נור דאָ אָן דעם שטאָלצען חכם וואס בויט אלעס אויף זיין פערשטאנד! קוקט נור אָן דעם פהילאָזאָף, וואס פערלייקענט דיא שדים, און גלויבט ניט אין עולם־הבא! אין איין נאכט האט ער אזוי פיעל שענדליכע מעשים אָבגעטהון, און צום סוף פארגעסט ער אין גאָט, און קניעט פאר דעם אשמדאי'ס פיס, טהוט גאר צו איהם תפלה, בעט גאר פון איהם הילף. ער וויל קרענקען זיינע רציחות מיט דיא תחנות צום רוח.

— אין דעם אשמדאי, דערקען איך דיך, האב איך מיט בעס געשריען, אין דעם דערקען איך, דאס א מענשליבעס הארץ וואוינט ניט אין דיר, דאס

מיטלייזיגג מיט רחמנות פעהלט אין דיין איינערנעם הארץ. איך וויל נאר מיין מיטלייד מיט רחמנות פון דיר, וועלכער ווייסט ניט מעהר, אלס נור צו פרייען זיך מיט דעם מענשענס אומגליקען. איך האב געוואָלט דיין רחמנות קויפען מיט מיין נשמה. זיא וואָלט זיך געקענט יא נאך בעסערן. זיא קען יא דעם וועג צו חרטה געפינען, און זיא וואָלט געקענט פון דיינע הענד יא זיך ארויסדרעהען, ווען דוא גלויבסט זיא פעסט און זיכער אויף אייביג צו האבען.

— ניין, מיין זינדיגער גארישער הערר, האט ער געענטפערט, איך בין ניט דער טייוועל, וויא איהר גלויבט. איך בין קיין אשמדאי, קיין שטן און קיין יצר־הרע. איך בין איין מענש וויא איהר. איהר זייט א פערברעכער געווען, איצט זייט איהר א שוטה געוואָרען, א משוגענער, איהר זייט אראָב פון שכל. אָבער ווער עס האט מיט זיין בעסערן גלויבען איינמאָל געבראָכען, דער איז אויך מיט זיין שכל באלד פארטיג. איך פעראכט אייך וויא א שפיען, און ווען איך וואָלט אייך אפילו גע־קענט העלפען, וואָלט איך אייך אויך ניט געהאָלפען. אייער נשמה פערלאנג איך ניט, זיא איז צום גיהנום אָהן אלעם שוין פארטיג, און אפילו דער אשמדאי וועט אייך אויך פאר איהר קיין צובראָכענעם גראָשען ניט געבען.

## 9.

עטליכע מינוט בין איך וויא צומישט געשטאַנען פאר איהם. בושה און כעס, חרטה און פעסטע געדאנקען צו יעדען פערברעכען וואס האט מיך דערווייל געקענט ראטעווען, האבען מלחמה געהאלטען אין מיר.

— ווען איהר זייט ניט דער, וואס איך האב אייך געהאלטען, האב איך ענדליך געזאָגט, זאָ מוז איך ווינשען, דאס איהר זאָלט עס ווערן. ראטעוועט מיך, ווען ניט, בין איך פערלאָרען. רעטעט מיך, דען איהר אליין זייט אין מיינע פער־ברעכען שולדיג. איהר אליין — דער בעזער שליח צו אלעם שלעכטס.

— אָט אזוי מאכט עס שטענדיג דער מענש! האט ער לאכענדיג מיט א פערקרימטען פנים געזאָגט. ער וויל שטענדיג דער ריינער צדיק זיין ווען אפילו ער זאָל זיך אין ברודער־בלוט באָדען.

— ניט אנדערש, איהר, מיין הערר, איהר זייט געווען דיא ערשטע אורזאכע צו אלע רציחות פון היינטיגער נאכט. — פאר וואס זייט איהר געקומען שפעט אין דער נאכט אין מיין גארטען, וואו איך האב רוהיג און אונשעדליך גע־שלאָפען? וואָלט איהר מיך ניט געוועקט, וואָלט אלעס ניט געשעהן, וואס גע־שעהן איז.

— איהר האט רעכט. דער שלאף פון דיא רשעים איז א טובה פאר זייא און א גליק פאר דיא וועלט; אבער וואס איז מיין שולד? האב איך אייך דען געוועקט צו אבגעבען זיך מיט א פרעמדע פרוי? צו הרג'ענען און ברענען? אזוי איז דעם מענשענ'ס שטייגער, ווען ער האט טויזענטער מיט א מעסער דערשטאכען, אדער מיט א האק געהרג'עט, וואלט ער וועלען אלע שולד, אויף דעם גרעבער ארויפלייגען, וואס האט דאס אייזען אויס דער פינסטערער טיעפער ערד ארויס־געצויגען.

— פאר וואס האט איהר דען בייא מיר אין דעם גארטען געשפיעלט דיא ראליע פון דעם טייוועל, און מיט א ווארט־צייכען געזאגט: ווער עס בגזם מיר אן איין האר, דעמ'ס קאפ שלעפ איך באלד מיט זיך נאך, וויא מיט א שטריקעל?

— דאס איז גוט! האב איך דען א ליגען געזאגט? ווער קען דעם אמת שרעקליכער דערוויזען, אלס איהר זעלבסט? האב איך דען דיא האאר פון אייך פערלאנגט? אדער האט איהר עס מיר אנגעבאטען? — ניין, מיין הערר, בעת איהר האט ראזאליען, אייער ערשטע געבליעבטע, אויף דער פאסט דערזעהן, דא האט איהר ניט געדארפט אייער פראניא פארגעסען; ניט געדארפט איין אייניציגען אויגענבליק זיא פערגעסען, זא וואלט איהר צו דעם הערלישען פייער ניט געקומען. איהר שטעלט אויף אייערע גוטע מדות צופיעל, אדער פיעל מעהר, איהר האט גאר ניט אין זינען גוטע מדות. רעליגיאן און גוטע מדות וואלטען אייך געזאגט: פליהט א היים צו אייער גארטען, הערר, דיא ערשטע עבירה, וואס א מענש טהוט, זאל אפילו לייכט וויא איין האאר זיין, שלעפט דיא שווערסטע זינד מיט זיך נאך. אט, דאס איז דיא בעדייטונג: ווען מען שענקט דעם רוח א האאר, שלעפט ער דעם קאפ מיט.

— איהר האט רעכט. אבער צו האב איך געקענט דאס פאראויס זעהן?

— געוויס האט איהר געקענט.

— עס איז אונמעגליך געוועזען. דערמאהנט אייך נור דיא נבזה'נע צוזאמענטרעפונג פון דיא אומשטענדען, און וועלכער מענש וואלט עס יא געקענט פאראויס וויסען?

— וויסען גאטירליך ניט, אבער רעכנען דארויף וואלט יעדער. זאגט איהר אליין, צו האט איהר ניט געקענט רעכנען, דאס דער עדעלמאן וועט ארייגקומען,

בעת איהר זייט מיט זיין ווייב, אונטער פיער אויגען, אין דעם צימער צוזאמען גע־זעסען? ניט געקענט רעכענען, דאס עס וועט א שרפה זיין, בעת איהר האט דאס ליכט אין דעם בארג שטרוי געוואָרפען? ניט געקענט רעכענען, דאס איהר וועט דעם ברודער צורעדערן, דאן ווען איהר האט דיא פערד אנטקעגען דעם בעל־עגלה געטריעבען? — עס איז קיין אונטערשיעד ניט דער אָדער איין אנדערער, יעדער מענש איז אייער ברודער.

— עס קען זיין, אָבער איך בעט אייך, ברענגט מיך ניט צו גרעסערע פערצווייפלונג; איהר מוזט וועניגסטענס מודה זיין, דאס עס וואָלט נור דער ערשטער קליינער חטא אליין געשעהן געוואָרען, אָהן אלע אנדערע געוואלדיגע רציחות, ווען ניט דיא זעלטענע שרעקליכע סבות וואָלטען צום שלים־מזל צוזאמענ־געטראָפען, וועלכע האבען שטענדיג געקענט צוזאמענטרעפען.

— איהר זייט זיך טועה. וואס פאר זעלטענעס שרעקליכעס איז דען דערינען געלעגען? וואס דער עדעלמאן האט זיין פרוי בעזוכט? וואס מען האט אין שייער שטרוי געהאלטען, וויא אין אלע שייערן? וואס אייער ברודער איז בשלום אויף דעם ריכטיגען וועג אויס פראָגן געפּאָהרען? ניין, הערר, וואס איהר רופט בעזע, שלים־מזל'דיגע סבות, האבען געקענט פאר אייך, פרעהליכע, אנגענעהמע זיין, ווען איהר וואָלט זיך אין גוטען וועג אויפגעפיהרט. דיא סבות זיינען גאנץ גוטע געווען, נור איהר האט זייא צו שלעכט געמאכט. דיא וועלט איז א גן־עדן, נור דיא מענשען מאכען זיא צו א גיהנום. דער מענש מאכט אויס דעם אייזען א שווערד, און אויס דיא גראָזען פון פעלד סם המות; אויסערדעם, וואָלט אויס דעם אייזען איין אקער־געצייג צו דער ערד־ארבייט געוואָרען, און אויס דיא גראָזען — רפואות פיר קראנקע. זוכט גאר קיין זכות ניט אויף זיך, דען איהר וועט עס ניט גע־פינען.

— אָ! האב איך דאָ מיט דער העכסטער פערצווייפלונג אויסגעשריען, ביז היינטיגע נאכט בין איך ריין פון זינד געווען, א גוטער פאטער, א טרייער מאן, אָהן פאָרוויר'פע — איצט בין איך אָהן רוה, אָהן כבוד, אָהן טרייסט!

— ניין, מיין הערר, אויך אין דעם מוז איך אייך כנגד זיין. איהר זייט ניט ערשט אין דער נאכט געוואָרען, וואס איהר זייט, נור איהר זייט עס פון לאנג אָן געוועזען. מען ווערט ניט אין איין שעה פון א מלאך א טייוועל, ווען מען האט ניט פעהיגקייטען שוין פון לאנג א טייוועל צו ווערען. עס האט נור געלעגנהייט גע־פעהלט דערצו. עס האט אייך געפעהלט דיא ראזאליא און דער בעזונדערער אָרט. אין שמאָהל און שטיין שלאָפט דאס פייער, ווען מען זעהט עס אפילו ניט ארויס —

נור א קלאפּ איינס אָן דעם אנדערן, ווערט שוין פּוּקען. איין פונק שפּרינגט אריין אין א פאַס פּולווער, און עס ווערט פון א האַלבער שטאָדט א בארג אַש, פון הונדערטער מענשען א תל עולם. ריהמט אייך ניט קיין מאָל, איהר פרומע לייט, מיט אייער שטאָלצע אונשולד, ווען איהר זעהט דעם אָרימען זינדער, דעם פער־ברעכער אויף דער תליה הענגען! דאס וואס הענגען ניט א סך פון אייך אויף דערזעלבינער תליה. איז נור בלויז א חסד פון דער צייט, וואָלט זיא איין רגע אייער בעזען יצר־הרע צו הילף געווען, דענסטמאָל וואָלט איהר אַלע אויף דער תליה געהאַנגען. —

— אזוי טרייסט איך מיך. אזוי איז דאָך, ווען איהר זאָגט דעם אמת, דיא גאַנצע וועלט ניט בעסער, אַלס איך און איהר דערצו.

— ניין, מיין הערר, איהר זייט זיך וויעדער טועה. דיא האַלבע וועלט איז גלייך צו אייך, אָבער ניט דיא גאַנצע. איך גלויב, עס געפינען זיך נאָך אמת׳ע פרומע לייט, מענשען וועלכע בעזיטצען שעהנע מדות, און האבען כח ביי־צושטעהן א נסיון, נור איהר איינגערעדטע חכמים, פערשטעהט ניט זייער ווערטה. אָבער דיא האַלבע וועלט, יא, דיא האַלבע זיינען גלייך צו אייך! און בפרט אין אונזערע צייטען, וואו תאוות צו גרויסע תענוגים, צו לוקסוס, וואו אמביציע, גזלות און רציחות, קנאה און פאַלשקייט האבען קיין גרענעץ ניט. דארום קענען זייא ניט גובר זיין דעם יצר־הרע אזוי וויא איהר.

— איהר קענט רעכט האָבען, אָבער איך בין ניט בעסער און שלעכטער, אַלס אַלע אנדערע מענשען פון היינטיגער צייט.

— וואס איהר זייט, דאס ווייזט אייך אויס, אז דיא גאנצע וועלט איז אויך אזוי. מיר זעהען קיין מאָל ניט דעם דרויסען אין אונז, נור אונז אין דעם דרויסען, עס איז אַלעס נור שפּיעגעל.

— אום גאָטעס ווילען, הערר! האב איך אויסער מיר געשריען, רעטעט מיך, דען דיא צייט לויפט אוועק; ווען איך בין שלעכט געווען, קען איך דען ניט תשובה טהון און בעסער ווערן?

— געוויס! נויטה ברעכט אייזען; — אָבער איהר זייט שוואך אָהן גלויבען, און דיעזע שוואכקייט איז דיא מוטער פון אַלע בעזע מעשים, דיעזע שוואכקייט לאָזט ניט תשובה טהון און בעסער ווערן.

— רעטעט מיך און מיין ווייב מיט מיינע קינדער! איך קען און וויל בעסער ווערן.

— איך וויל אייך רעטען, ווען איהר קענט זיך זעלבסט רעטען. קענט איהר מיך איצט און ווייסט וואס איך וויל פון אייך?

— איהר זייט א מלאך פון הימעל! א שליח פון גאָט מיך צו רעטען!

— איך בין צו אייך ניט אומזונסט אין גארטען געקומען פאר דיא געשעהענע רציחות. איך האב אייך מתרה געוועזען, האב אייך געוואָרנט, און איהר האט זיך ניט געהיט. דאָך מוטה און האָפנונג פערלאָזט ניט! גלויבט אין גאָט וועט איהר אלעס בעקומען; גלויבט אין זיינע נביאים וועט איהר געהאָלפען ווערן, דען וואס אמונה מאַכט, מאכט קיין זאך אין דער וועלט ניט.

10.

אין דעם ווען דער רויט־געקליידעטער האט דיעזע ווערטער געזאָגט, איז עס מיר פאָרגעקומען, וויא העלע פלאמען וואָלטען ארום איהם געברענט, און וויא א גרינער פייער וואָלט ארום אונז פון דער ערד ארויסגעשאָסען; אָבער עס איז נור דער אָבשיין פון זיינע רויטע קליידער און פון דיא גרינע בוימער געוועזען. דיא פארבען האבען געבלאַנקט פאר מיינע אויגען אויף א וואונדערבארע ארט. צום סוף האט זיך אלעס אויסגעלאָשען, איך בין אין אָהנמאכט געלעגען. איך האב ניט געוואוסט מעהר פון מיר, עס איז מיר עפּיס געשעהן געוועזען.

דאַן האב איך געפיהלט, דאס איך קום צו זיך וויעדער, געהערט א ווייטען קול אין דיא אויערן; פאר דיא אויגען געזעהן עפּיס א צומישטע מראה. וויא דיא געדאנקען זיינען מיר עטוואס קלערער געוואָרען, האב איך אָנגעהויבען צו טראכטען איבער מיין צושטאנד. אָבער איך האב אויף קיין פאל ניט געקענט דערגעהן, וואס מיר איז געשעהן.

„ענטוועדער דאס איז אָהנמאכט, אָדער משוגעת, אָדער נסיסה פאַר דעם טויטט" — האב איך מיר געטראכט, און אויפגעמאכט דיא אויגען. און איבער מיר אין דער לופטען, האט דער אלטער נאָלדהאבער, ראָזאליעס מאַן, געשוועבט, מיט א פריינדליכע ערנסטע מיענע. דאָך האבען מיך דיא שטראהלען און דער גלאַנץ פון זיין פּנים געבלענדט, איך האב באלד דיא אויגען וויעדער צוגעמאכט, און ווייטער אין חלום געלעגען. איך האב מיט קיין גליעד ניט געקענט ריהרען.

„וואס איז מיר, אָדער וואס ווערט אויס מיר?" האב איך געטראכט. דען עס האט זיך מיר געדאכט, איך האב א געטומעל פון שטעדט און דערפער געהערט פארביא לויפען נעבען מיר. באלד א גערעשערייא פון בעוועגטע וועלדער. באלד

א גערויש פון חוואליעס און א קלאפעריייא פון אונטערגעהענדע ים־שיפען, באלד א בלעקערייא פון סטאדעס שאף און געזאנגען פון פאסטוכער.

„וואס מאכט זיך דא מיט מיר? וויא קום איך אהער?" האב איך אין דער שטיל מיט גרויס ציטערניש געפרעגט.

איבער מיר איז נאך אלץ געהאנגען דאס געשטאלט פון דעם אלטען, און זיינע אויגען האבען מיך מיט רחמנות אנגעקוקט.

— איך רעטע דיך! האט ער צו מיר מיט א גאנץ שטילען קול געזאגט. האב קיין מורא ניט מעהר, דוא האסט דיין לעבען און דיין טוידט געזעהן. אונ־גלויבער, שטארק דיך, ווער א מענש א גבור, נאך א צווייטען מאל וועל איך דיך נזעהר ניט רעטען.

נאך דעם איז ווידער העלער געווארען פאר מיינע אויגען, און מיר איז געוועז, אזוי וויא איך וואלט עפעס געהאט אין א קעלער־לאך געלעגען, און וועלכער דאס ליכט פון דעם טאג שיינט דורך ענגע שפאלטען הערייז. אבער דער אלטער איז נאך אלעס וויא פאר מיינע אויגען געשטאנען.

— איצט ביסט דוא גערעטעט, און איך האב דיינע בקשות מקיים געוועזען, האט ער צו מיר ווידער געזאגט.

— אבער וואו איז מיין פראניא? וואו זיינען מיינע קינדער?

— זייא זיינען דא גאנץ נאהנט בייא דיר.

— און מיינע זינד מעק אויף אייביג אויס, ווען דוא ביסט אימ־שטאנד.

— איך וועל זייא אויסמעקען, זייא וועלען דיך שוין קיין מאל ניט מעהר מצער זיין, האט דער אלטער געענטפערט.

וויא ער האט דאס געזאגט, איז ער גלייך פערשוואונדען געווארען, איבער מיר האט זיך עפעס וויא א טהוי אויסגעשפרייט. איך האב זיך אומגעקוקט, און פון דעם אלעם גאר ניט געקענט בעגרייפען. אבער מיר איז אונבעשרייבליך וואויל געוועז. איך האב הימלישע תענוגים געפיהלט.

פלוצלינג זיינען מיינע ליפען דורך אנדערע ליפען אנגעריהרט געווארען. איך האב א ווארעמען קוש געפיהלט.

---

## 11.

דער קוש האט מיך נשמה אויס יענע וועלט ווידער אין דער וועלט גע־בראכט. איך האב געגלויבט, דאס דיא אויגען זיינען מיר אָפען, אָבער איך בין גלייך איבערצייגט געוואָרען, דאס זייא זיינען צוגעשלאָסען געוועזען; דען איך האב שטילע טריט געהערט ארום מיר רוישען, און קיינעם דאָך ניט געזעהן.

דאָ איז אין מיין מויל איין נייער ווארימער אָטהעם אריינגעהויבט געוואָרען, און צווייא ווייכע ליפען האבען נאָך איינמאָל מיינע ליפען בעריהרט. אין מיינע גליעדער האט דאס געפיהל פון דעם לעבען ווידער אריינגעטרעטען. מיינע אויערן האבען געהערט קליינע קינדער גאנץ שטיל צווישען זיך רעדען. דער אמת האט אָנגעהויבען צו פעריאָגען דעם שקר פון דעם חלום, ביז מיינע געדאנקען זיינען העל געוואָרען, און איך בין צום קלאָרען פערשטאנד געקומען.

איך האב געפיהלט מיין געלעגער איז הארט, עס איז מיר אויסגעקומען, אזוי וויא איך ליעג עפיס אויף דער באנק אין מיין גארטען. איך האב דיא אויגען אויפ־געמאכט, און פראניא איז איבער מיר געהאנגען, מיט איהרע קושען האט זיא מיך אויפגעוועקט. אונזערע יונגע קינדער האבען מיט גרויס שמחה געפאטשט אין דיא הענדיכלעך, דערזעהענדיג מיין ערוואכען פון שלאָף, און באלד ארויפגעקלעטערט איבער מיר אויף דער באנק, און מיט איין קול געשריען: „פאפא, גוטען מאָרגען, פאפא!" — און מיין ווייבעלע האט זיך פונסט אָן מיר אָנגעהאנגען, און מיט אויגען פול טרעהרען פון נחת, האט זיא מיר דאָך פאָרווירפע געמאכט, וואס איך בין דיא גאנצע קאלטע נאכט אין דעם גארטען געשלאָפען, און קיין מענש האט דערפון ניט געוואוסט, ביז מיין דיענער איז פאר איין פערטיל שעה מיט דעם קאסטען פון דער פאָסט א היים געקומען, און האט דיא בשורה אָנ־געזאָגט.

אָבער דער שווערער, שרעקליכער חלום, איז נאָך אין גאנצען פאר מיינע אויגען געשטאנען, דאס איך בין א לאנגע צייט געלעגען, און האב מיך ניט געוואגט דיא אויגען און דיא אויערן צו גלויבען. איך האב מיין ווייב, מיינע קינדער גע־הערט צו מיר רעדען, איך האב נאָך געזעהן ליעגען אויף דער ערד דאָ און דאָרט, דיא שטעקענ־פערדלעך, דיא בייטשלעך, און דיא טראָמפעטלעך, נאָך געזעהן ליעגען פראניא'ס שטריק־קאָרב אויף דעם טיש — אלעס וויא איך האב עס געכטען גע־פונען, בעת איך האב דאָ מיין נאכט־לעגער אויסגעקליבען; און פון דעסטוועגען האב איך געגלויבט, איך ליעג אין פעלד אין דער וויסטעניש.

נור קוים ערשט ווען איך האב מיך בעטאפּט און געזעהן דאס דער טייסטער ליענט אין מיין בוזעם קעשענע, און אויף מיין ראָק איז קיין צייכען פון בלוט ניט דאָ, בין איך פון טעות ארויס, און מיין ווייב געפרעגט:

— האט פערדינאַנד דיא גאַנצע נאַכט אויף דעם פּאָסט־הויז גע־שלאָפען?

— געוויס, דוא וואונדערליכער! האט פראַניא געענטפערט. לויט וויא ער האט דערצעהלט, האסט דוא זעלבסט איהם געהייסען אזוי צו טהון.

— אָבער פאַר וואס ביסט דוא דאָ אין דעם גאַרטען אויף דער האַרטער באַנק איבער נאַכט געבליעבען? פאַר וואס האסט דוא אונז ניט פון דיא בעטען ארויס געטריעבען? וויא גערן וואָלטען מיר אויפגעשטאַנען דיך צו אויפ־נעהמען!

— און נור ערשט ניט לאַנג איז ער פון דער פּאָסט אהיים געקומען? און ווייס גאַר פון קיין אונגליק צו זאָגען? האב איך, נאך צומישט, גע־פרעגט.

— וואס רעדסט דוא, מיין ליעבער! איז בייא דיר דיא פּאָסט פאַר א גע־פעהרליך הויז פאַררעכענט?

— און איהר האט אלזאָ אלע שטיל און רוהיג דיא נאַכט געשלאָפען? האב איך ווייטער געפרעגט.

— נאך צו גוט! האט פראַניא געזאָגט. וואָלטען מיר געקענט טרעפען, אז דוא ליענסט דאָ גאַר אין דעם גאַרטען, וואָלט פון דעם שלאָף גאַר ניט גע־וואָרען.

— און מאַקי גאַר ניט געהערט, ניט שרייען אין דיא גאַסען, און ניט קלינגען דיא גלאָקען? האב איך נאך אלץ געפרעגט.

— פאַר וואס פרעגסט דוא עפּיס אזעלכע ווילדע שאלות? האט פראַניא אונרוהיג געזאָגט. מן הסתם האט זיך דיר עטוואס פון א שריפה געחלומ׳ט.

— יא, מיין ליעבע פרוי. איין שרעקליכער חלום האט זיך מיר דיא נאַכט געחלומ׳ט, אָבער געלויבט איז גאָט דאס איך בין אויף און שלאָף שוין ניט מעהר!

איך האב מיר גלייך דיא אויגען גוט אויסגעריבען, און פרעהליך געלאַכט, דאס מיינע אלע פערברעכונגען זיינען נור א חלום געוועזען; דאס ניט דיא פּאָסט און ניט דיא שטאָדט האט געברענט, דאס ניט דער רויטער־ראָק פון פראַג, און ניט

דיא לאנג־פערגעסענע ראזאליע, האבען מיך בעזוכט. איך האב דיא קינדער אויף מיין שויס ארויפגענומען און געפיהלט דאס גליק פון דעם ריינעם הארצען און לעבענדיגער אלס שטענדיג א יונגע וועלט האט ארום מיר געבליהט; מעהר אלס איינמאל איז זיא מיר צווייפעלהאפט געווארען, וויא א נייער חלום. איך האב אפט ארויסגעקוקט אויף דיא פריינדליכע דעכער פון דעם שטעטד'ל, כדי זיך צו איבערצייגען, דאס איך האב קיין ברענענדיגע ליכט אין דעם בארג שטרוי ניט געווארפען.

אזוי לאנג וויא איך לעב אויף דער וועלט, האט זיך מיר ניט געחלום'ט אזא קלאהרער, שרעקליכער חלום, וואס איז גאנץ נאטירליך, און קען באמת אין דעם מענשען'ס לעבען פארקומען, נור צום סוף, וואו ער האט זיך מיט דעם אויפוואכען צוזאמענגעקניפט, איז ער געווארען פאנטאסטישער.

מיט גרויס שמחה און גדולה זיינען מיר דורך דעם שעהנעם גארטען אין מיין הויז אריינגעגאנגען, וואו דיא גאנצע געזינד האט מיך פריינדליך מקבל פנים געווען. נאך דעם וויא איך האב מיך ארומגעוואשען און אנדערע קליידער אנגעטהון, בין איך אריין אין פראניא'ס צימער פרישטיקען און אליין בעקארען מיט אלערלייא שפיעלצייג פאר מיינע צווייא יונגלעך. דא איז דיא יונגע מוטער נעבען דיא קינדער געזעסען, וועלכע זיינען כמעט אויסער זיך געווארען, פאר פרייד, אלס זייא האבען מיך וויעדער דערזעהן, און דערצו נאך מיט שעהנע מתנות אויך. יעדער נייער בליק פון דיא ליעבע נפשות, האט מיר פערשאפט נייע פערגעניגען, שווייגענדיג בין איך נעבען מיין פראניא צוגעגאנגען. מיט טרעהרען פון נחת אין דיא אויגען, האב איך איהר דערלאנגט דיא מתנה, וועלכעס איך האב פאר איהר אין פראג געקויפט, און צו איהר געזאגט: „פראניא, היינט איז דיין געבורטסטאג".

— יא, מיין קרוין! האט זיא געענטפערט, נאך קיין מאל אין מיין לעבענסטאג, האב איך איהם ניט שעהנער געיום־טוב'ט, אלס איצטיגען מאל! איך זעה דיך, גאט צו דאנקען, געזונד וויעדער, איך האב אויך אלע דיינע גוטע פריינד און מיינע חברותות פארבעטען, כדי דעם טאג פון דיין צוריק א היים קומען, באמת פרעהליך צו פארברענגען. וואס זאגסט דוא דערצו מיין ליעבער? איך גלויב, דוא וועסט זיין דערפון צופריעדען, א יא? איצט זעטץ זיך נעבען אונז און דערצעהל מיר בסדר, פון גרויס ביז קליין, וויא עס איז דיר געגאנגען?

אבער דער שרעקליכער חלום איז נאך צו נאהנט פאר מיר געשטאנען, איך האב געהאפט צום בעסטען זיינער פטור צו ווערן, ווען איך וועל איהם דערצעהלען.

פראַניא האט פון דעם אָנהויב ביז צום סוף אויסגעהערט. און האט זיך אביסעל טרויריג פארטראַכט.

— חלעבען, האט זיא ענדליך מיט א גלעכטער׳ל געזאָגט, מען דארף גלויבען אין חלומות, און זייא ניט האַלטען פאר גרינג. אזא קלאָהרען חלום מיט אזוי פיעל מענליכע סבות, הער איך דאס ערשטע מאָל אין מיין לעבען. ווער פרומער, דוא צדיק׳ל, דען געווים האט דיין מלאך מיט דיר גערעדט; שרייב דיין חלום אויף, אזא חלום איז מערקווירדיגער אלס איינינע לעבענס־געשיכטעס. פיעל חלומות בע־דייטען אפילו גאר ניט פאראויס, אָבער זייא בעדייטען טהיילמאָל אונז זעלבסט, זייא זיינען אָפטמאָל דיא קלערסטע שפּיעגלען, אין וועלכע מיר זעהען דיא פלעקען פון אונזערע נשמות!"

## 12.

אמת אפילו ניט איין אוננאַטירליכער, אָבער דאָך א מערקווירדיגער צופאל, האט אין דעם אייגענעם טאָג דיא אינטערעסע פון מיין חלום פערגרעסערט.

מיין פראַניא האט מיינע פריינד און איהרע חברתות פון דעם שטעדט׳ל צו א קליינעם פאמיליען־באלל פארבעטען. דאס וועטער אין דרויסען איז זעהר גוט געוועזן, אזוי אז מיר האבען מיטאג געגעסען אין דעם גרויסען זאאל פון דעם גארטען. אונטער דיא איינגעלאַדענע געסט איז אויך געוועזן דיא קינדער פון מיין ברודער, וועלכע איך האב אין חלום איבערגעפאָהרען. דיא גאנצע געזעלשאפט איז געוועזען פרעהליך, יעדער האט גערעדט, געלאכט, געווערטעלט זיך, נור איך אליין האב ווענינ גערעדט, דען דער חלום איז מיר נאך אלץ אויף דיא געדאנקען גע־קראָכען, און דער אמת איז ניט אומשטאנד געוועזן בשום אופן איהם אויסצורייסען מיט דעם וואָרצעל פון מיין זכרון.

איך האב פון דער ווייטען אנטקענגען מיר געזעהן דאס אָרט וואו דער רויטער־ראָק איז דיא נאכט געשטאנען; איך האב מיך דערמאָהנט אין איהם און אין זיין טהייערן אויסגעצייכענטען מוסר, וואס ער האט געזאָגט, דאס איך זאָל עהרליך האנדלען, און גוטס אויף דער וועלט טהון, ניט דעריבער ווייל דער אויסגע־לעהרענטער שכל הייסט עס, נור אלס בעפעהל פון גאָט. איך האב מיר זיינע ווערטער איבערלייגט, און איינגעזעהן, דאס עס איז גוט חכמה מיט אמונת צו־זאמען.

ווי איך בין ביים טיש געזעסען און וועגען דעם געטראכט, איז מיין בע־דיענער אריינגעקומען און האט מיר געמאָלדען, דאס איין פרעמדער הערר וויל מיט מיר רעדען, איין באראָן מאנטייוועל פון דראָסטאָוו. — פראניא האט געזעהן, דאס איך האב מיך דערשראָקען.

— איצט האסט דוא ניט וואס מורא צו האבען פאר דעם אשמדאי, האט זיא לאכענדיג געזאָגט, דוא ווערסט שוין ניט מעהר צו יענע שענדליכע זינד קומען, זאָבאלד איך בין נעבען דיר דאָ!

איך בין גלייך ארויסגעגאנגען פון אונטערן טיש דעם גאסט אויפנעהמען. אָבער וויא ערשטוינט בין איך געבליעבען, אלס איך האב דערזעהן דעם רויט־געקליידעטען פון פראג זיטצען אויף דערזעלבער באנק, וואו איך בין געשלאָפען. ער האט זיך אויפגעשטעלט און מיך בעגריסט וויא איין אלטען בעקאנטען און געזאָגט:

— איהר זעהט איך האלט וואָרט. איך מוז איצט אייער ליעבענסווירדיגע פראניא זעהן, וועלכע איך האב צופעליגער ווייזע קענען געלערענט דורך איהרע בריעף צו אייך, וועלכע זיינען געלעגען אין אייער טייסטער. ווערט נור ניט אייפער־זיכטיג, און מיינט ניט—האט ער ווייטער געזאָגט ווייזענדיג מיט דער האנד אין דעם גארטען — מיינט ניט, דאס נור איך אליין בין צו אייך געקומען, זעהט, איך האב אייך נאך א פאָר געסט מיטגעבראכט, מיין ברודער און זיין פרוי, דאס הייסט מיין שוועגערין, וועלכע איהר קענט שוין פון לאנג זעהר גוט. מיר האבען זיך פלוצים אין דרעזדען צוזאמען־געטראָפען, און מאכען איצט דיא רייזע אין קאָמ־פאניע.

איך האב איהם געזאָגט, דאס עס טהוט מיר הנאה און איך האב גרויס פערגניגען דערפון. אינדעם איז א דיקער שטארקער הערר אריינגעקומען פון גארטען אין דעם קאבינעט, וואו מיר האבען געשפראָכען; נעבען איהם א פרויענצימער אין רייזע־קליידער. שטעלט אייך אלע פאָר מיין שרעק! — דאס איז ראָזאליא געוועזען, דעם אלטען גאָלדהאָבער׳ס פרוי. דאס גאנצע בלוט איז מיר אין פנים אריין, און מיין צונג האט קיין וואָרט ניט געקענט ארויסרעדען. ראָזאליא איז פיעל וועניגער צומישט געוועזען, אלס איך, חאָטש זיא איז אין אָנהויב אויך פערשעהמט געוואָרען. איך האב מיינע געסט, נאך דיא ערשטע קאָמפלימענטע, אין דעם זאאל אריינגעפיהרט, וואו אלע איינגעלאדענע זיינען געזעסען, און האב פאר זייא מיין פראניא פאָרגעשטעלט. דער רויטער הערר האט זיא זעהר גע׳חנפ׳ט.

— איך האב אייך שוין אין פראג פערגעטערט, האט ער צו איהר געזאגט, בעת איך בין, אהן אייער מאן׳ס וויסען, אלע קליינע סודות דערגאנגען וועלכע איהר האט איהם געשריעבען.

— איך וויים אלעס! האט פראניא געענטפערט, עס מאכט ניט אויס, איהר האט פאר דיא קליינע סודות גאנץ עהרליך בעצאהלט. צוויא טויזענד טהאלער, גלויב איך, איז ניט ווייניג געלד. איהר זייט אבער בייא דעם אלעם א שלעכטער מענש, דען איהר האט מיין יאקאב׳ן א אונרוהיגע נאכט געמאכט.

— דערמיט הייסט מען נאך ניט שלעכט, פראניא, האב איך געזאגט, און פארגעשטעלט פאר איהר צום ערשטען דעם אשמדאי, און נאכהער ראזאליען מיט איהר מאן.

וויבער בלייבען ניט לאנג אין פערלעגענהייט. פראניא האט באלד ארום־גענומען ראזאליען, האט זיא געהאלזט, געקושט, וויא א לייבליכע שוועסטער.

— איהר, מיינע הערען, נעהמט אייך ניטינס פלאטץ דארט, און אייך, ראזאליע, מוז איך געבען מיר זעטצען, אזוי ווייט וויא עס איז נאר מעגליך פון מיין מאן, האט זיא מיט א געלעכטער׳ל געזאגט, קוקענדיג אויף מיר.

פראניא און ראזאליא, חאטש זייא האבען זיך ביידע אין זייער גאנץ לעבען ניט געזעהן, זיינען דאך באלד וויא צווייא איינענע שוועסטער געווארען, זייא האבען פיעל שטאף געהאט צום רעדען צווישען זיך, און עס איז בייא זייא א שמחה געווען פון מיר חוזק צו מאכען.

שפעטער האב איך דיא נייע געסט ערקלעהרט, דאס היינט איז מיין וויב׳ס געבורטסטאג און געבעטען, זייא זאלען אין דער שמחה אנטהייל נעהמען, און אזוי גוט זיין מיט אונז מיטטאגען. זייא האבען מיין בקשה אנגענומען. דערנאך האב איך זייא אין דעם גארטען געפיהרט. אויף דעם שפאציער־גאנג האב איך ראזאליען אן א זייט אבגערופען, און זיא געפרעגט, וויא איהר געהט עס? האט זיא מיר געזאגט, דאס זיא איז זעהר גליקליך, זיא ליעבט איהר מאן מיט איהר גאנץ לעבען, וועגען זיין עדלען חאראקטער און גוטהערציגקייט. פון איהר שוואגער, פון דעם רויט־געקליידעטען, האט זיא מיר נאר זעלטענעס דערצעהלט, דאס הייסט, אז עס איז זעלטען צו געפינען, נאך אזא געבילדעטער און אזא פיינער מאן וויא ער איז. זיא האט פון איהם מיט בעגייסטערונג גערעדט און געזאגט, אז זיא האט פאר איהם דרך־ארץ, וויא א קליין קינד פאר זיין פאטער. אין דיא יונגע יאהרען איז ער א לאנגע צייט געוועזן אויף רייזען, אלס געזאנדטער פון קעניגליכע הויפען וועגען

פאָליטישע זאכען, און איצט לעבט ער איין פהילאָזאָפישעס לעבען אויף א קליינעם גוט, נאָהנט בייא דיא גיטער פון איהר מאַן. חוץ אלעם, איז ניט צו בעשרייבען זיינע צדקות און גמלות חסדים וואס ער טהוט. איך האב מיר דערפון א נוטץ ארויסגענומען, דאס מען דארף ניט צופיעל געטרויען דער פהיזיאָגנאָמיע (חכמת הפרצוף).

נאך דעם בין איך צום רויט־געקליידעטען חכם צוגעגאנגען, און צו איהם געזאָגט:

— פאר וואס האט איהר מיך דען אין פראג איינינע מאָל געפרעגט: „נו איצט קענט איהר מיך שוין, און ווייסט וואס איך וויל פון אייך?“ — אייערע פערשטעקטע ווערטער האבען אין פראג אויף מיר א גרויסען איינדרוק געמאכט, און אויף זייא האט זיך נאכהער דער פונדאמענט פון מיין שרעקליכער חלום געבויט.

— אָבער מיין גאָט! האט ער מיר געענטפערט; בעת איך האב אייך דעם טייסטער געבראכט, בין איך אין דער מיינונג געוועזן, אייך באלד צו זאָגען ווענען וואס איך בין געקומען, אייך באלד צו וויסען געבען, דאס איך בין דער געפינער, ווען איהר וואָלט נור צו מיר צוטרויען געהאט, ווען איהר וואָלט נור איינינע סמנים פון אייער שאדען געזאָגט; אָבער איהר האט נור געזוכט וויא צום גיכסטען פון מיר פטור צו ווערען, אזוי וויא איך וואָלט עפּיס א גנב געוועזן. און דאך וויא איך האב געזעהן אין אייך, אז איהר זייט זעהר אונרוהיג, איז בייא מיר שוין קיין ספק ניט מעהר געוועזן, דאס איך האב פאר מיר דעם ריכטיגען מאַן, וואס האט זיין טייסטער פערלאָרען!

איצט האב איך איהם מיין גאנצען חלום דערצעהלט.

— דאס איז איין מערקווירדיגער, זעלטענער חלום! האט ער מיט גרויס פערוואונדערונג געזאָגט; דער חלום פערדיענט צו זיין איין קאפיטעל אין דער מאָראלישער פהילאָזאָפיע און פסיכאָלאָגיע (תורת הנפש). און אויב איהר, מיין הערר, וועט איהם ניט אין א בוך איינשרייבען, דאן וועל איך שרייבען און וועל אייך דיא זאך געדרוקט צושיקען. און איהם זיינען וואונדערבארע גאָלדענע לעהרען פערהאנדען, וועלכע זיינען ניטצליכער און טהייערער, אלס טהייל מוסר־ספרים. מען מוז עס דורכאויס לאָזען דרוקען. מיר ווייסען, דאס עס גיבט היינטיגע צייטען פיעל מענשען אויף דער וועלט, וועלכע זיינען מבזה, וועלכע פעראכטען זייער אלטע גרייזגראָע מוטער — דיא אמונה —; וועלכע שעטצען און גיעבען אָב כבוד דער בילדונג אליין, און הערען נור וואס זייער אייגענער שכל הייסט זייא; זאָלען זייא

עס לעזען און זעהען, דאס בילדונג אָהן אמונה, איז וויא ליכטיגקייט אָהן אויגען!

מיר האבען דעם טאָג גאנץ גוט פערבראכט; איך האב מיך מיט דעם געבילטעטען מ א נ ט י י ו ו ע ל אונטערהאלטען, און פ ר א נ י א האט ווידער מיט ראָזאליען פארבראכט גוט דיא צייט.

דעם זעלבען אבענד האבען זיך דיא ליעבע געסט מיט אלע אָבגעזעגענט, און מיר האבען זייא ביז צו דער פאָסט בעגלייט.

— דאָ זאָל אָבשיעד גענומען ווערן, און קיין טריט ווייטער זאָלסט דוא ניט בעגלייטען ראָזאליען! האט פראניא צו מיר געזאָגט, אלס מיר זיינען פאר דער טהיר פון דעם פאָסט־הויז געשטאנען, ווייל דיין חלום גיבט מיר אויך א גוטע לעהרע. קענסט דוא מיך איצט, מיין מאן, און ווייסט וואס דיין פראניא וויל פון דיר?

ע נ ד ע.



# וויכטיג פיר רוסישע איטיגראנטען!

# אלעקסאנדראוו'ס

## ענגליש־רוסישער

# ווערטער־בוך

וועלכער איז געדרוקט אין סט. פעטערסבורג (רוסלאנד) און איז אנערקענט אלס דער בעסטער און פאלשטענדיגסטער ענגליש־רוסישער ווערטער־בוך אין דער גאנצער וועלט.

### אלעקסאנדראוו'ס ענגליש־רוסישער ווערטער־בוך:

וועלכער ענטהאלט אלע ענגלישע ווערטער נאך'ן איי־בי־סי מ'ט זייער אויסשפראכע און איבערזעצונגען אין רוסיש.

### אלעקסאנדראוו'ס ענגליש־רוסישער ווערטער־בוך:

וועלכער ווערט פערקויפט יעהרליך אין דיא טויזענדער עקזעמפליארען אין אלע ענגליש־שפרעכענדע לענדער צום הויכען פרייז פון 5 דאלאר אן עקזעמפליאר.

### אלעקסאנדראוו'ס ענגליש־רוסישער ווערטער־בוך:

וועלכער ענטהאלט 900 זייטען אין גרויס פארמאט איז יעצט דא אין אמעריקא איבערגעדרוקט געווארען און ארויסגעגעבען אין א פראכטפאלע אויסגאבע, ער איז שעהן געדרוקט און פיין געבונדען און ווערט פערקויפט ספעציעל ביליג.

## פרייז 2 דאלאר, פארטא פריי.

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער וויא אויך ביי דיא פערלעגער

**Hebrew Publishing Company,**

83-85-87 Canal Street, New York.

# אלע כתבים פון מענדעלע מוכר ספרים

## (ש. י. אבראמאוויץ).

**אלטע מעשה** אדער א נאכט אין צרות, א בילד פון אידישען לעבען אין דער ליטא. 10

**ווינ'ש פינגעריל,** א מתנה פיר דיא ליעבע אידישע קינדער. 15

**דיא טאקסע** אדער דיא שטאדט בעלי טובות, א מייסטערהאפטע קריטיק איבער דעם אידישען צושטאנד אין רוסלאנד, אין דער צייט ווען אידען האבען זיך אהן א טאקסע ניט געקענט בעגעהן. 15

**יודע'ל,** א ספור המעשה אין שירים, אין דיעזע ווערק איז אבראמאוויץ דורכגעגאנגען דיא גאנצע יודישע געשיכטע פון אנפאנג ביז היינטיגען טאג. 15

**ישראליק דער משוגענער,** א מייסטערהאפטע קריטיק איבער דיא לעצטע פאגראמען אויף אידען אין רוסלאנד. 10

**לעצטע שריפטען** א זאמלונג פון זיינע לעצטע שריפטען. 35

**פישקע דער קרומער,** א מעשה פון אָרימע יודישע לייט. 15

**דער פריזיוו,** א דראמא אין 5 אקטען. 15

**דיא קליאטשע** אדער צער בעלי החיים, דאס איז דיא בעסטע מייסטערווערק וואס איז ארויס פון אבראמאוויץ'עס פעדער און האט געמאכט א שטורם צווישען דעם לעזע־פובליקום אין דער גאנצער וועלט. „דיא קליאטשע" איז אויך איבערזעצט געווארען אין אללע וועלט שפראכען און ווערט גערעכענט פיר א ליטערארישען אוצר אין דער גאנצער וועלט ליטעראטור. 15

**דאס קליין מענשעלע,** א מייסטערהאפטע ווערק וועלכע איז פולל מיט וויטץ, הומאר אונד שארפזינן אונד דערביי איז עס א גוואלדיגע קריטיק איבער דיא אידישע שטאדט־בעלי־טובות, רעדעל־פיהרער אונד נתם בעלי־צדקות אונד גוטע אידען פון רוסלאנד. 15

**א רייזע־בעשרייבונג פון בנימין דעם דריטען,** וויא ער איז אויף זיינע נסיעות פערגאנגען גאנץ ווייט, אז אונטער דיא הרי חושך, און האט זיך גענוג אנגעזעהן און אנגעהערט חדושים, שעהנע זאכען, וועלכע זיינען זעהר אינטערעסאנט צו לעזען. 10

**שלמה ר' חיים'ס,** א שילדערונג פון דעם אידישען לעבען אין דער ליטא, וועלכע איז זעהר אינטערעסאנט, שפאנענד און בעלעהרענד, און ווערט גערעכענט פיר איינע פון דיא בעסטע ווערק וואס מענדעלע מוכר ספרים האט אין דער לעצטער צייט ארויסגעגעבען. 10

# — ווערטער־ביכער —

**אלעקסאנדראוו׳ס ענגליש־רוסיישעם ווערטער־בוך,** ענטהאלט אללע
ענגלישע ווערטער נאָכ׳ן איי־בי־סי מיט זייער אויסשפראכע און איבערזעצונג
אין רוסיש, 2.00

**העברעאיש־ענגלישעם ווערטער־בוך,** פון מ. ה. ברעסלוי לאָנדאָן, 2.50

**ענגליש־העברעאישעם ווערטער־בוך,** דיטא, 1.25

**מלון של כיס,** (ווערטערבוך) מעברית לרוסית ואשכנזית, מאת יהודה גרזובסקי, 2.00

**פאלשטענדיגעם ענגליש־יודישעם און יודיש־ענגלישעם ווער־
טער־בוך,** פון אלכסנדער הארקאווי, אין צוויי טהייל, ערשטער טהייל
ענטהאלט אללע ענגלישע ווערטער נאָכ׳ן איי—בי—סי מיט זייער אויס־
שפראכע און איבערזעצונג אין אידיש. צווייטער טהייל ענטהאלט אללע
יודישע ווערטער נאָכ׳ן אלף־בית מיט דיא איבערזעטצונג אין ענגליש,ביידע
טהיילען זיינען געבונדען אין איין באנד, 3.00

**ענגליש־יודישעם האנד ווערטער־בוך,** פון אלכסנדר הארקאווי, ענט־
האלט כמעט אזוי פיעל ווערטער וויפיעל דער פאָלשטענדיגער ענגליש־יודי־
שעם ווערטער־בוך, מיט דער אויסנאהמע וואָס דיא ערקלערונגען זיינען
אביסעל אָפגעקירצט, 1.00

**ענגליש־יודישעם און יודיש־ענגלישעם טאשען־ווערטער־בוך,**
פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט אללע ענגלישע ווערטער נאָכ׳ן איי—בי—סי
מיט זייער אויסשפראכע און איבערזעטצונג אין יודיש, און אללע אידישע ווער־
טער נאָכ׳ן אלף־בית מיט דיא איבערזעטצונג אין ענגליש, אין קלאָטה באנד 65

**דיטא,** אין לעדער באנד, 90

---

# נייע ביכער יעצט ערשיענען

דער

# סיטיזען

## נאכ'ן נייעם געזעץ

### פון אלעקסאנדער הארקאווי.

**אלע נייע געזעצע וועלכע זיינען אריין אין קראפט דעם 27טען סעפטעמבער 1906 מיט די פארמען פון די אפליקיישיאנס וואס עס דארף געמאכט ווערען אום צו ווערען אבירגער אין די יונייטעד סטייטס.**

**פרייז 5 סענט.**

---

# אידישע ליטעראטור.

אונטער דיזען נאמען זיינען ביי אונז יעצט ערשיענען די פאלגענדע אויסגעוועהלטע ווערקע פון די בעסט'ע אידישע ליטעראטען און פּאָעטען.

אברהם אבינו'ס לעבענס־בעשרייבונג, א. ראזענבערג, 3
אויפגעקומענער גביר, שלום=עליכם, 3
אַז מען זאָגט משוגע, גלויב, י. ל. פרץ, 3
אידען אין פרס ומדי, א. טאנענבוים, 3
איזאבעלא'ס נשמה, ל. ראבינאוויץ 5
אייזיק'ל שוחט, י. ל. פרץ, 3
אינדיען (דאָס לאַנד), י. דינעזאהן, 5
אין שטראָם פון רעוואלוציאן, מ. דאַנציס, 5
דער אלטער און דער נייער דור (דור הולך ודור בא), א. גאָלדפאַדען, 15
ארץ־ישראל פּושקע, מ. ספּעקטאָר, 3
בארדיטשעווער טהעאַטער, שלום=עליכם, 5
בארדיטשעווער טראמוואי און האָטעלען, שלום=עליכם, 5
באַשע־ט אנ'אונגליק, שלום=עליכם, 3
בבל (דאָס לאנד), י. דינעזאהן, 5
ביי'ם דאָקטאָר, שלום=עליכם, 3
בלינדער בעטלער, א. באראף, 3
בן יחיד, ב. גארין, 3
בשעת מגפה, י. ל. פרץ, 3
גאלדעלע, מ. ספּעקטאָר, 3
גיטעלע'ס יום־כפור, י. דינעזאָהן, 3
גימענאזיע, שלום=עליכם 3
געלד און לעבען, ד. עדעלשטאט, 3
דור הפלגה, א. גאָלדפאַדען, 5
הייגריך היינע, נ. מ. באבאד, 3
הכנסת כלה, י. ל. פרץ, 3
אַ וועגרישנער בילעט, שלום=עליכם, 3
ווילדע מענשען אין אויסטראַליען, א. קאָטיק, 3
וועגס=לייט. בילדער פון מ. ספּעקטאָר, 5
ווערא, ד. עדעלשטאט, 3
זעלדע געהט אין טהעאַטער, ב. גאָרין, 3
חינא (דאָס לאַנד), י. דינעזאָהן, 5
דער חלום, י. ל. פרץ, 3
חסידישע מעשה'לעך, י. ל. פרץ, 10
דאָס טעפּעל, שלום=עליכם, 3
יאַנקעל פעסימיסט, י. ל. פרץ, 3
ירחמ אל'קע, 3
אַ כעס פון אַ יודענע, י. ל. פרץ, 3
ל"ג בעומר, שלום=עליכם, 3
ליטעראַרישע בריעף, ג. זעליקאָוויץ, 5
דער לץ, י. ל. פרץ, 10
מאַן און ווייב, מ. ספּעקטאָר, 3

דער מאהלער, ד. עדעלשטאט, 3
מענדעל בריינעס, י. ל. פרץ,
מעשה'לעך און חלומות, י. ל. פרץ,
מעשה'לעך פון דול=הויז, י. ל. פרץ, 15
משופע, י. ל. פרץ, 3
משוגענער בטלן, י. ל. פרץ, 3
משוגענער פילאָזאָף, א. גאָלדפאַדען, 15
די מוסרים, ב. גארין,
דער משולח, י. ל. פרץ,
ניט קיין גלייכע פּאָאָר. בן אביגדור, 3
נייער ראַבינער, ש. פרוג,
נעבאך, ב. גארין, 3
נעילה, י. ל פרץ, 3
די נשמה, י. ל. פרץ, 3
עגיפטען (דאָס לאַנד), י. דינעזאָהן, 15
ערקעלטונג און קאַטאַר, א. טאנענבוים, 3
אַנ'עצה, שלום=עליכם, 3
פּאָעזיע, י. ל. פרץ 5
דאָס פינטעלע יוד, א. גאָלדפאַדען, 5
אַ פּעקעל בריעף, י. ל. פרץ, 5
פערעלע, שלום=עליכם, 3
פרעה'ס יורשים, י. ל. פרץ, 3
פונ'ם פריזיוו, שלום=עליכם, 3
פיטעל דער מלמד, שלום=עליכם, 5
אַ פערשטערטער שבת, י. ל. פרץ, 3
דער פעטער שכנא מיט דער מוהמע יאחנע, י. ל. פרץ, 3
דער פעטער פיני מיט דער מוהמע רייזע, שלום עליכם, 3
פריינקעל'ס שריפטען, 5
צו וואָס טויג טהעאַטער, ב. פייגענבוים, 3
צוויי קברים, ש. ראַבינאָוויץ, 3
צוויי פעלאך ווין, מ. ספּעקטאָר, 3
דער קאר קאָנדוקטאָר, ד. עדעלשטאט, 3
קליינע מעשה'לעך, י. ל. פרץ, 3
די רומענישע אידען אין אַמעריקא, ד. מ. הערמאלין, 3
רייזע בילדער, י. ל. פרץ, 10
דאָס שטריימעל י. ל. פרץ 3
שיין=פיוויושקע, מ. ספּעקטאָר, 3
שמשון שלמה מיט זיינע פערד, י. דינעזאָהן, 3
שמעריל'ס שמחה, מ. ספּעקטאָר, 3
שרה פעגי, מ. ספּעקטאָר, 3
שרה'לע, מ. ספּעקטאָר, 3

צו בעקומען ביי אַלע בוכהענדלער ווי אויך ביי די פערלעגער:

## היברו פּאבלישינג קאמפּאני,

83־85־87 קאנאל סטריט, נו־יאָרק